מיט א פעדער געטונקען אין

בלוט פון האַרץ. געווידמעט

מיינע ק י נ ד ע ר אברהם

חיים, און שיינדעל לאה

# פארווארט

מי באש ומי במים — אונזער בלוטיקער תקופה שטייט אונטער דעם צייכן פוןביידע: פייער און וואסער. אונזערע ברידער און שוועסטער זיינען אין דעם משך פון די זיבן יאָר געברענט געוואָרן אין גהינום פייערן. דאנטע׳ס „אינפערנאָ" ווערט בלייך, ווען מען פארגלייכט די דאָרט באשריבענע יסורים מיט די פורעניות, וואָס אידן האָבן אויסגעשטאנען אין די לעצטע יאָרן. געגן די אידן האָט זיך אָנגעהויבן א מלחמה מיט זעקס יאָר פריער, איידער די איצטיקע מלחמה האָט זיך צעפלאקערט. א מלחמה, אין וועלכער עס איז נישט געשאנעוועט געוואָרן קיין אלטער מאן, פרוי און קינד. אידן האָבן אין דער צייט דורכגעליטן קאלטע פּאָגראָמען און הייסע פּאָגראָמען. הונדערטער אידן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דורך פייער און בליי, וואָס איז געשען נישט בציבור נאָר ביחידות. איינציקווייז האָט מען זיי געקוילעט, איינציקוויז געשאָסן, ביז טויט געפייניקט, זייער בלוט טראָפּנווייז געצאפּט, אָבער ווען מען נעמט און מאכט דעם סך הכל, זיינען געפאלן נישט איינצלנע נאָר גרויסע מאסן אידן אין פארשידענע שטעט. זייער קרעכצן, געשרייען און זייערע ביטערע טרערן, וועלכע האָבן געדארפט די הימלען צערייסן, האָבן צו דער וועלט נישט דערגרייכט, די הימלען זיינען געבליבן פארמאכט און קאלט אריינגעקוקט אויף דער מיאוס׳ער ערד און די הערצער פון מענטשן, פון דער אזוי גערופענער ציוויליזירטער וועלט, זיינען געבליבן מיט זיבן שלעסער פארשלאָסן.

נאָך דעם איז געקומען אן אָפענער פּאָגראָם! נאָך דעם זיינען געקומען די שריפות — שולן און בתי מדרשים מיט זייערע ארונ׳ס און ספרי תורות זיינען אויף באפעל אונטערגעצונדן געוואָרן און אין הויפנס אש פארוואנדלט געוואָרן. היטער זיינען געשטאנען און האָבן נישט צוגעלאָזט, אז מען זאָל, חלילה, כאָטש איין יריעה קענען רעטען פון די הייליקייטן. די היטער — שדים אין מענטשן געשטאלט — האָבן זיך געפרייט, ווען די פלאמען פייערן האָבן אויף זייער גליענדיק לשון איבער גלייכגילטיקע הימלען פארצייכנט די אידישע שוואכקייט, די אידישע הילפלאָזיקייט, אונזער ווייטאָג און נאָך מער

אונזער בזיון. ווען מען וואָלט געווען געלאָזט, וויפיל אידן וואָלטן דעמאָלט גרייט געווען ווי אמאָל אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע און די אָטאָ־דע־פעים אריינצושפרינגען אין די פלאמען און אין איינעם מיט די שולן פאר־ברענט צו ווערן. ווען מען וואָלט געווען געלאָזט, וואָלטן נישט געפעלט קיין אידן, וואָס וואָלטן גרייט געווען זיך אין די יריעות איינצוּוויקלען און לאָזן זייער נשמה אויסגיין בקדושה, ווי דאָס האָבן געטאָן אמאָל די עשרה הרוגי מלכות.

די טייוואָלים האָבן אויך אָט די העלדישקייט די אידן ניט פארגונען. אין אייניקע פלעצער האָבן די פון בלוט שכור'ע זיך געלאָזט וואוילגיין און אפילו געטאנצט ארום די שרפות, און דער אידישער שמע ישראל, וואָס אויך אינקוויזיטאָרן האָבן דערלויבט אויסצושרייען אין דער טמא"ר לופט, וועלכע טמאים האָבן מיט זייער אָטעם מטמא געווען, איז דאָס מאָל אידן אויסשרייען נישט דערלויבט געוואָרן. אידן האָבן געמוזט שטיין פון דערווייטנס, ווייל לאנגע שווערדן האָבן געבלישטשעט אלס א ווארנונג, אז פאר זיי איז דאָרט קיין פלאץ נישטאָ; מענטשן מיט שדים קענען אין איין פלאץ נישט שטיין, און די ממשלה איז אין די הענט פון שדים.

עס איז אין אונזער אלטער ליטעראטור דאָ גענוג באשרייבונגען פון שיטער הויפנ'ס, אויף וועלכע אונזערע שונאים האָבן מיט דער גרעסטער אכזריות געלאָזט אידן פארברענט ווערן און אויף וועלכע אידן האָבן מקדש השם געווען. מען האָט אידן געברענט נישט נאָר אין שפאניע און אין פאָר־טוגאל — די צוויי לענדער זיינען מער באקאנט, ווייל דאָרט איז די אינקווי־זיציע געווען א בלוטיקע אינסטיטוציע דורות לאנג—אָבער מען האָט געברענט אידן אויך אין אנדערע לענדער. אין די גאסן פון אלע גרויסע שטעט — אין זייער לופט טראָגן זיך די פון פארוואונדעטע הערצער ארויסגעריסענע קרעכצן און עס וואָגלען ארום פארגליווערטע טראָפּנס טרערן און קענען זיך קיין אָרט נישט געפינען, און אין זייער שטויב וואלגערט זיך דאָס אש פון אונזערע קדושים, וואָס פאָדערט א תיקון און אן אָפּרעכנונג, וואָס זיינען ביז היינט נישט געקומען. זייער ווייניק האָבן מיר אָבער אין אונזער מארטיראָלאָגיע באשרייבונגען פון די ליידן, וועלכע אידן האָבן דורכגעמאכט און וועלכע זיינען געקומען נישט דורך פייער נאָר דורך וואסער. עס זיינען פאראן דאָ און דאָרט אייניקע אזעלכע באשרייבונגען: דער גרויסער דיכטער גאָרדאָן האָט אונז געגעבן אזא באשרייבונג אין זיין קלאסיש ליד „במצולות ים".
אין דעם ליד באשרייבט ער דעם גרוש ספרד. ער באשרייבט שיפן, אויף וועלכע עס געפינען זיך דריי טויזנט רייזנדע און די דריי טויזנט זיינען אידן.
עס איז גענוג אויף זיי א קוק צו טאָן, אז מען זאָל וויסן ווער זיי זיינען, ווייל

זיי האָבן אויסגעזען ווי פאַרבלוטיקטע טויבן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די נעגל פון יאַסטראַב נישט ווי קיין מענטשן נאָר ווי מעקינע, וואָס ווערט געבלאָזן פון די ווינטן אונטער די קלעפּ פון דעם דרעשפלעגל. פון דעם פייער זיינען זיי אַנטלאָפן אויף דעם וואַסער, פון דער תליה זיינען זיי אַוועק צו דעם מאַסט בוים. דאָס זיינען אונזערע ברידער, וואָס האָבן איין לאַנד פאַרלאָזן און גע־לאָזט זיך וואַנדערן, אַליין ניט ווייסנדיק, צו וועלכן לאַנד זיי ווילן גיין, און ווען איר פרעגט בא זיי וואוהין? ענטפערן זיי אויך אין דעם לשון פון דעם משורר „וואו דער ווינט וועט אונז טראָגן אהין וועלן מיר גיין; זאָל ער אונז טראָגן קיין מזרח, זאָל ער אונז פאַרשלעפּן קיין מערב, אויב מען קען נאָר גאָט דינען, איז אונז אַלץ איינס מזרח, מערב, צפון, דרום. אויב מען קען נאָר ביים לעבן אָפּהיטן דעם גלויבן און אויב מען וועט אונז נאָר געבן פיר איילן ערד וואו די ביינער אוועקצולייגן נאָכ'ן טויט".

יהודה לייב גאָרדאָן האָט אונז איבערגעלאָזט א מאָנומענט אין זיין ליד, וואָס באַשרייבט נישט די ליידן פון די אידן אין שפּאַניע, נאָר די ליידן פון די גולי ספרד און די, וואָס געפינען זיך אויף די שיפן, וואַנדערן אַרום איבער די ימ'ען און זוכן א פּלאַץ וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, זיי וואָגלען אָבער ווייסן נישט וואָס וועט זיין דער סוף, ווייל ווער האָט דען רחמנות אויף דעם אָרימען פאָלק? און ווער איז דען גרייט אויפצוקלייבן די פאַרשטויסענע? אָבער דאָס ליד איז מער אויסן צו באַשרייבן די העלדישקייט פון א אידישע טאָכטער, וועלכע האָט נישט געוואָלט פאַראומריינקן איר לייב און איז בעסער געווען גרייט אַריינצושפּרינגען אין ים, איידער ווי זיך איבערצוגעבן צו דעם שיפער, וועלכער האָט זיך איינגערעדט, אז וואָס ער דאַרף איז נאָר איר זאָגן א וואָרט, אז ער וועט איר גליקלעך מאַכן און זי וועט גיין צו אים ווי צום טאַנץ און וועט עס נאָך באַטראַכטן פאַר א כבוד, בפרט ווען ער וועט איר דערציילן, אז ער האָט זי ליב מיט א פייערדיק־ברענענדיקער ליבע און ווייל איבער איר זיינע פליגלען אויסשפּרייטן. ער איז אָבער געבליבן א נאַר, דער שיפער, ער האָט נישט געקענט די העלדישקייט און די ריינקייט פון דער אידישער פרוי. זי מיט איר מוטער זיינען מיט פרייד אַריינגעשפּרונגען אין די צערייצטע כוואַליעס און האָבן דאָרטן זייער קבר געפונען. די פעלזן פון ים זיינען זייער מצבה, דער קופּאָל אויף זייער קבר איז דער הימל און דער עפּיטאַף זיינען די שטערן.

אויך אן אַנדער דיכטער האָט אונז געלאָזט א ליד מיט דעם נאָמען „אויפ'ן בוזם פון דעם ים". דער נאָמען איז פאַרפּירעריש, לויט דעם נאָמען קען מען מיינען, אז דאָס איז געווים א ראָמאַנטיש ליד, אין וועלכן עס ווערט באַזונגען די שיינקייט פון דער ליבע, די פרייד און דעם פאַרגעניגן, וואָס א

ליב פֿאַר געניסט ווען זיי זיינען פריי פון פרעמדע אויגן צווישן הימל און וואסער און קענען אומגעשטערט צו דעם ריטם פון טאנצנדע כוואלעס און דעם פינקל פון בליצנדיקע, אומרואיקע שטערנס, זיך אין די אָרעמס פון זייער גליק איבערגעבען, אויף דעם בוזם פון דעם ים. לסוף לאָזט זיך אויס, אז דאָס ליד איז א טרויעריקע שילדערונג פון אידן, וועלכע זיצן אויפ'ן שיף אין דער צייט ווען זי זינקט און זיי בלייבן גלייכגילטיק; ווען די אנדערע פאסאזשירן מאכן גרויסע אָנשטרענגונגען זיך צו רעטען, בלייבן זיי פארגליווערט אויף זייער אָרט און רירן זיך נישט און ווען מען פרעגט זיי פארוואָס? קומט דער זעלבער ענטפער, וועלכן מיר האָבן געטראָפן אין גאָרדאָנ'ס עפיק „במצולות ים". אלע האָבן היימען, אלע ווייסן וואוהין צו גיין, אויף אלעמען ווארטן פריינדלעכע אומארמונגען, הארציקע אויפנאמען אָבער פאר די אידן איז די וועלט א פרעמדע, א קאלטע, ערגער ווי א שטיף מוטער, — איז דערפאר ארט זיי נישט ווען זיי זאָלן אפילו דערטרונקען ווערן.

עס זיינען ווארשיינלעך פאראן נאָך אנדערע לידער, נאָך אנדערע באשרייבונגען וואָס זיינען פארבונדן מיט די אידישע ליידן אויפ'ן ים, וועלכע זיינען אזוי טיף ווי דער ים, אָבער נישט גענוג. אונזער תקופה איז אָבער קלאסיש מיט דעם, וואָס אין איר וועלן אונזערע צרות אויף די ים'ען פאר־נעמען פיל מער פלאץ ווי די ליידן אין פארבינדונג מיט'ן ים אין אנדערע תקופות, ווייל אין אונזער תקופה זיינען צענדליקע טויזנטער מענטשן גע־צוואונגען צו פארלאָזן זייערע היים־לענדער און זיך זעצן אויף די שיפן און זוכן נייע לענדער וואו זיי זאָלן קענען דעם מידן קאָפּ אוועקלייגן, אָבער זיי געפינען די טויערן געשלאָסן און דערפאר גייען אוועק חדשים און זיי ליגן אויף די שיפן און קענען זיך צו קיין ברעג נישט צושלאָגן.

מיר שטייען נאָך זייער נאָנט צו דער צייט, אין וועלכער די געשענעשן קומען פאָר, אז מען זאָל קענען ווי געהעריק שילדערן אָט די גרויסע טראגעדיע, אָבער דאָך איז גוט, וואָס עס האָט זיך געפונען א מאן וואָס, ווי ער אליין זאָגט אויף זיך עדות, האָט זיין פעדער געטונקען אין בלוט פון זיין הארץ און גע־מאכט א נסיון אונז צו געבן א שטיקל שילדערונג פון דער טראגעדיע, וואָס הייסט „שיפן אויפ'ן ים". דער מחבר הייסט דוד קירשנבוים, וועלכער האָט שוין זיין מזל פרובירט מיט אנדערע ספרים פון אן אנדערן זשאנר, ווי זייער נאָמען: „פון אונזער גייסטיקער חריפות", באווייזט, ווייל דער איד דוד קירשנ־בוים איז א למדן און ער קען אונזער אלטע ליטעראטור און ער קען חריפות'־דיק שרייבן, אָבער אפילו יענע ביכער האָבן שוין געוויזן, אז דער מחבר האָט א שארף אויג און א רייכע פען און ער ווייסט ווי צו שילדערן בילדער אין א זאפטיקער שפראך און פון צייט צו צייט אויך זיך באנוצן מיט געלונגענע מעטאפאָרן, וואָס בארייכערן זיינע שילדערונגען.

ב.

אין דעם נייעם ביכל „שיפן אויפ'ן ים" גיט אונז דער שרייבער קירשנ־בוים איבער אלערליי בילדער פון דער אידישער וואנדערונג אין דער איצטי־קער צייט אויף פארשידענע שיפן, פארשידענע ימ'ען. שיפן זיינען אָנגעפּאקט מיט אידן און עס נעמט חדשים לאנג ביז זיי קענען קריגן ערגעץ וואו א ברעג אויף וועלכן פאסאזשירן גנב'נען זיך ארוים און זיי זיינען גליקלעך, ווען מען כאפּט זיי נישט, ווארום כאפּט מען זיי יאָ, דען ווערן זיי ווייטער ארויפגע־וואָרפן אויף דער שיף און ווערן ווייטער געטריבן פון די כוואלעס, אייביקע וואנדערונג, דער וואנדערנדער איד! אָבער, נישט פון לאנד צו לאנד, וואנ־דערט ער נאָר פון ברעג צו ברעג, ער איז אן אנדער סאָרט וואנדערער.

אין זיין ערשטן קאפּיטל, דערציילט קירשנבוים די געשיכטע פון די מאָדערנע שיפן, וואָס ווערן היינט געבויט פון שטאָל און אייזן; זיי ווערן מער ניט געטריבן פון זעגלען נאָר פון נייע טרייב קראפטן, וועלכע דער מענטש האָט מיט זיין חכמה געפונען; ער דערציילט אונז ווי אזוי די שיף האָט גע־מאכט דעם ים, פאר וועלכן מען האָט זיך פריער געשראָקן, פאר א דרך המלך. דער ים איז געוואָרן א בריק צווישן איין לאנד און דעם אנדערן; דער ים איז געוואָרן אוים מחיצה צווישן לאנד און לאנד, נישט אן אָפּגרונט, וואָס טיילט פארנאנדער, נאָר א באהעפטונג'ס רינג פון איין לאנד מיט'ן אנדערן. שיפן פאָרן אויפ'ן ים און ברענגען גרוסן פון איין לאנד צום אנדערן, פון איין פאָלק צום אנדערן. די וועלט ווערט גרעסער און שמעלער ווייל איין טייל ווערט נאָנטער צום אנדערן.

גאנצע זיבן ימ'ען האָט גאָט באשאפן און די ימ'ען קייטלען זיך און דאָרט. וואו דאָס קייטל האָט זיך אָפּגעבראָכן, האָבן מענטשן געשאפן קאנאלן, וואָס באהעפטן. מיט דער הילף פון די ימ'ען קומט דער מענטש אָן פון מזרח קיין מערב, פון איין עק וועלט צו דער אנדערער. די שיף איז געווען א סימ־באָל ניט נאָר פון דעם מענטשלעכן דערפינדונג'ס גייסט, ניט נאָר פון זיין קראפט צו באהערשן אויך די ימ'ען און נישט בלויז די יבשה, נאָר אויך א סימבאָל פאר זיין ווילן צו פאראייניקן די פעלקער פון דער וועלט, וועלכע זיינען דורך וואסערן פארנאנדערגעטיילט געוואָרן.

וועגן דער געשעענעש האָט אונזער קירשנבוים זייער א פּאָר שיינע זייטן — פון וועלכע איך דערלויב מיך צו ציטירן אייניקע שורות: זיינען די שיפן פאר דער מענטשהייט א ברכה געוואָרן, צו די ברעגן, וואָס זיי זיינען דערשוואומען האָבן זיי ליכטיקייט און שפע געבראכט . . . איבעראל, וואו די

שיפן האָבן דערגרייכט, האָבן זיי מענטשלעכע ציוויליזאַציע און פּראַגרעס געבראַכט . . . דאָס ערשטע קאַפּיטל, וואָס גיט דעם טיטל צום בוך, איז זייער אין א פּאָעטישער שפּראַך געשריבן. איר הערט אין אים דעם רויש פון די כוואַליעס פון ים, די ווערטער טראָגן זיך ווי אויף כוואַליעס. איר זעט דאָרט בילדער ווי דער מענטש איז צוליב די שיפן אויסגעוואַקסן ריזיק גרויס . . . איך דוכט: דער מענש איז פון דעם שוים פון די כוואַליעס א ריינער, א ליכ־טיקער ארויסגעשפּרינגען, מיט ברייטע שטאַרקע אָרעמס, טיפע אויגן און מיט אן אומבאַזיגבאַרן געפיל צו באַהערשן די ים׳ען, כדי ווייט מיט נאָענט צו פאַרבינדן, כדי דאָס וואַסער, ווי די ערד, זאָלן פאַר דעם מענטשן גליק ברענ־גען. ער האָט זיין מוטיק האַרץ און מיט זיין קלאָרן שכל גענומען צוימען די שטורמדיקע כוואַליעס, איינבינדן אין דיסציפּלין די ווילדע ווינטן, אז זיי זאָלן מער נישט שרעקן מיט זייערע סכנות און זיי זאָלן אויפהערן טרייבן זייער געפערלעכן שפּיל וועלכער דערלאָזט ניט דעם ים, זיינע ברייטע וואַסערן, וואָס זיינען פאַר דעם מענטשן באַשאַפן געוואָרן, דינען די מענטשנ׳ס קינדער. אָבער שוין אין דעם זעלבן קאַפּיטל, וואו אין די ערשטע בלעטלעך לויפט די פרייד ארום א צושויבערטע ווי א יונג פערדל גרוים אויף א ברייט פּלאַץ, אָן לייצעס, נעמט זיך שוין פילן דער בלאָז פון אונזער פינסטערער צייט, וואָס האָט אירע שאָטנס אויסגעשפּרייט אויך אויפ׳ן ים און אויסגעלאָשן דאָס ליכט פון די שיפן. א טיפע פינסטערניש האָט גענומען הויערן איבער די ים׳ען אָבער די קומט נישט פון דעם ים׳ס אָפּגרונט נאָר פון דעם אָפּגרונט, אין וועלכן די מענטשהייט איז אריינגעפאַלן, די טראָגט זיך פון דער יבשה, וואָס א גרויסער טייל פון איר ווערט באַהערשט פון מלאכי חבלה, פון אשמדאי און זיין כנופיה. וואָס איז געשען?

קירשנבוים שילדערט — ציללאָז דרייען זיך די שיפן מיט מענטשן ארום ים, שווימען וואָכן און מאָנאַטן אויפ׳ן טיפן ים פינסטערניש צווישן הימל און וואַסער . . . שלעפן זיך די גרויליקע פינסטערע שיפן אויף ים׳ען אין ברייט וואַסער, זוכן ערגעץ א שטיקל ערד . . . אָבער זיי געפינען נישט, ווייל ווען זיי קומען צו א ברעג, ווערט די שיף מיט די מענטשן אָפּגעשלאָסן ווי זיי וואָלטן געווען מצורעים און מען צווינגט זיי וואָס גיכער צו פאַרלאָזן דעם האַפן, צוריק זיך צו לאָזן שווימען אויפ׳ן ים אָן אויפהער און אָפּרו. דוד קירשנבוים פרעגט די אַלטע פראַגע: ווער זיינען דאָס די מענטשן אויף די שיפן? פאַרוואָס קומט זיי אזוי שוידערלעך באַהאַנדלט צו ווערן? דער ענטפער איז דער אַלטער ענטפער: די מענטשן האָבן א טיפע זינד באַגאַנגען נאָך פון זייער געבורט אָן, זייער זינד איז וואָס זיי זיינען געבוירן געוואָרן אידן און זיינען געבליבן אידן.

א פיין קאַפּיטל אין דעם ביכל, כאָטש דאָ קען מען קיין נייעס נישט זאָגן, איז די באַשרייבונג פון די זיבן יאָר אומגליק, וואָס די אידן האָבן אויס־

געשטאנען זינט דער מאניאק היטלער איז געקומען צו דער מאכט. קירשנבוים ווייסט, און ווייזט מיט רעכט דערויף אָן, אז די דעמארקיר־ליניע, וועלכע מען וויל ציען צווישן דער נאצי רעגירונג און דעם דייטשן פאָלק, איז אן אימאזשי־נערע ליניע, היינט קען מען אויך זאָגן, אז עס איז א מאזשינאָ ליניע, פון וועלכער די סאלדאטן זיינען קוים מיט לעבן אנטלאָפן. דער מחבר גלויבט, אז דער געשוויר היטלער און היטלעריזם האָט ארויסגעפלאצט, ווייל דער דייטשער פאָלק'ס אָרגאניזם איז דורכגעפוילט. ער גלויבט, אז א פאָלק, וואָס זיינע קינדער קענען טאנצן ווי שדים ארום א שייטער הויפן, אויף וועלכן עס ברענען די ביכער, וואָס זייערע בלעטער זיינען די פרוכט פון מענטשלעכן זשעני, מענטשלעכן וויסן, זיינען א פּראָדוקט פון מענטשלעכער קולטור און מענטשלעכער ציוויליזאציע, וואָס זאָגן עדות אויף דער שעפערישער ענערגיע פון הונדערטער דורות, אז אזא פאָלק איז זייער נידעריק געזונקען און די נאצי רעגירונג איז באמת דער ריכטיקער אויסדרוק פון זיין גייסט, אָבער אויך אין דעם קאפּיטל פארגעסט דער מחבר נישט דעם הויפּט מאָטיוו פון זיין בוך. ער דערמאָנט, ווייטער, אז נאָך דעם ווי די סאדיסטישע נאצים האָבן געצוואונ־גען די אידן דאָס לאנד צו פארלאָזן, האָבן זיי זיך געזעצט אויף שיפן און די שיפן, וואָס זיינען געווען זייער איינציקער רעטונג'ס פלאץ, זיינען געוואָרן פינסטערע תפיסות, נישט שיפן האָבן געשוואומען אויף'ן ים נאָר תפיסות. די צייללאָזע, ארומשווימנדע שיפן מיט זייער באגאזש, וואָס איז באשטאנען פון הילפלאָזיקייט, שוצלאָזיקייט, אומגליק און דערשלאָגנקייט, האָבן אָנגע־זאָגט די פינסטערע בשורה, אז מיר דערנענטערן זיך צו א תוהו ובוהו, ווייל די וועלט, וועלכע מענטשן אין גאָט'ס געשטאלט האָבן געשאפן, זייער מעשה־בראשית־וואונדער גייט אונטער אין א מבול פון בלוט און טרערן, — אויב זי גייט נישט אונטער, דארף זי אונטערגיין.

שיפן אויף'ן ים — דער מחבר דערמאָנט זיך אין דער נייער וועלט. די איז א פּראָדוקט פון שיף. די נייע וועלט, וואָס איז געשאפן געוואָרן פון דער אלטער און מען האָט זי אזוי גערופן, ווייל מען האָט אויף איר אזויפיל האָפנונג געלייגט און געמיינט אָט די נייע וועלט איז אינגאנצן אנדערש — דאָס איז אָבער ניט אזוי. ער דערמאָנט זיך אין דער שיף „סיינט לואיס", וועלכע איז געקומען קיין קובא, געקלאפט און געבעטן, אז מען זאָל זי אריינ־לאָזן און מען האָט זי נישט אריינגעלאָזט. איז זי געקומען צו די ברעגעס פון צפון אמעריקע און אויך דאָ האָט מען זי נישט אריינגעלאָזט. אויב מען וויל א פּירוש אויף ווי ווייט אונזער צייט איז מאָראליש געזונקען, דארף מען קיין גראָבע ביכער נישט שרייבן, עס איז גענוג צו דערמאָנען די שיף „סיינט לואיס", כדי זיך צו איבערצייגן, אז הגם פיל אנדערש איז די נייע וועלט פון דער אלטער, און געבענטשט זאָל זיין די נייע וועלט, אָבער ווען עס קומט צו

אידן איז אפילו די נייע וועלט נישט פייאיק גובר צו זיין אין זיך אירע גזלנ׳ישע אינסטינקטן און זי האנדלט נישט בעסער, נישט שענער ווי די אלטע וועלט. און קירשנבוים איז זיכער גערעכט, ווען ער זאָגט, אז אין די שווארצסטע בלעטער פון אונזער געשיכטע וועט פארשריבן ווערן דאָס אומגליקלעכע גע־שעעניש פון דער שיף „סיינט לואיס", וואָס וועט דעם פרייען לאנד אמעריקע זיכער קיין כבוד נישט פארשאפן.

און ווייטער, לאָגיש פארבונדן, שווימט דער מחבר אויף די טרויעריקע שיפן פון דער נייער וועלט צו דעם אלט־ניילאנד, וואָס מיר גייען שאפן. אויך דאָרט איז א מעשה מיט שיפן. צוהערשט דערמאָנט זיך דער מחבר אָן יהודה הלוי, וואָס האָט זיך געזעצט אויף א שיף, כדי ער זאָל קומען צו דעם לאנד, וואו זיין הארץ איז געווען. ער איז אין יענעם לאנד געפאָרן כדי צוריקגעפי־נען זיין הארץ, וואָס האָט דאָרט אויף אים געווארט. דאָס קאפיטל הויבט זיך אָן מיט די שטאָלצע ווערטער פון דעם יהודה הלוי ליד „עלי, הספינה". דער מחבר ציטירט דאָ דאָס באריכמטע יהודה הלוי׳שע ים ליד. שוין יענע שיף האָט אונז דערמאָנט, אז עס וועט קומען א צייט, א גליקלעכע, ווען אויף אלע שיפן וועלן מיט פרייד פאָרן אידן־פּיאָנערן, נאָך דורשטיקע פרייהייט, כדי אויפבויען דאָס אייגענע לאנד. שיפן אויפ׳ן ים, דאָס זיינען ליכטיקע שיפן, אמת׳ע פּאלאצן, וואָס פון זיי טראָגן זיך ווי אויף זיידענע פליגלען האָפנונג׳ס לידער אין דעם יהודה הלוי נוסח, ווי ער האָט זיי געזונגען.

גערעכנט האָבן מיר, אז יענע גליקליכע צייט איז שוין געקומען. האָט אונז דען ענגלאנד נישט פארשפּראָכן, אז זי וועט אונז לאָזן אויפבויען אונזער אייגענע מדינה? האָבן דען די פעלקער נישט אנערקענט אונזער היסטאָרישע רעכט אויף דעם היסטאָרישן לאנד? האָבן דען צוויי און פופציק פעלקער נישט אוועקגעלייגט זייער חתימה אויף דעם מאנדאט, אין וועלכן עס איז געשריבן געוואָרן, אז ארץ ישראל געהערט צו אונז און מיר האָבן דאָס רעכט דאָרט אונזער היים צו בויען? נאָך דער באלפור דעקלאראציע האָט זיך אָנגעהויבן א תקופה, וועלכע מיר האָבן אין אונזער התלהבות באצייכנט אלס „אתחלתא דגאולה". די אידן האָבן אין אונזער לאנד באוויזן אויסערגעוויינלעכן הערא־איזם; מיט בלוט און שוויס האָבן זיי באפרוכטפערט די הייליקע ערד. עס איז גענוג צו גערענקען דאָס חלוצ׳ישע לידל, כדי ריכטיק צו פארשטיין דעם גייסט פון די פּיאָנערן, וואָס זיינען געקומען אויפלעבן אונזער לאנד. זיי האָבן געזונגען: טוב לחיות בארצנו, טוב למות בארצנו! אפילו שטארבן איז גוט בא אונז אין לאנד. וואָס איז פון דער האָפנונג געוואָרן?

דער מחבר דערציילט אונז דאָס וואָס אלע ווייסן אָבער אויף זיין אייגענעם אָרט. ווענן די קאָמיסיעס, וועלכע זיינען געקומען איינס נאָך דאָס

אנדערע מיט דער בייזער כוונה אָפּצושניידן א פּאָלע פון דעם מאַנדאַט, און זיי האָבן טאַקי אַלע מאָל אָפּגעריסן א ניי שטיק פון מאַנדאַט, דאָך האָבן מיר אונזער ציל נישט אויפגעגעבן און מיר האָבן באַוויזן וואונדער אין יענעם לאַנד, טראָץ די גאָר ניט שיינע באַציאונג פון דער מאַנדאַטן מאַכט. אָבער אָט זיינען געקומען די זיבן אומגליקלעכע יאָר פון היטלער און היטלעריזם און אידן האָבן מיט רעכט געגלויבט, אַז ווייניקסטנס די טירן פון אונזער לאַנד וועלן זיך עפענען פאַר אונזערע אומגליקלעכע ברידער, וואָס מען האָט מיט פּייערדיקע אייזערנע ריטער אַרויסגעטריבן פון זייער היים לאַנד, אָבער וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? אידן זיינען אַרויף אויף די שיפן, געלאָזט זיך פאָרן צו דעם אייגענעם לאַנד, צו דעם אייגענעם ברעג און לסוף האָט ענגלאַנד, די הערשערין איבער די ימ'ען נישט דערלאָזט זיי קומען צום ברעג און זיי פון דאָרטן פאַרטריבן. די נע־ונד'ניקעס אויפ'ן בוזם פון דעם ים, וואו זיי האָבן זיך געפונען חדשים, זיינען געווען ענליך צו יענע אידן וועלכע דער דיכטער ראָזנפעלד באַשרייבט, אויך זיי זיינען געווען גרייט צו געפינען זייער לעצטע רו אין דער טיפעניש פון דעם ים, כדי נישט דאַרפן דורכצולעבן די גרויסע אַנטוישונג, אַז אפילו ביי די טירן פון דעם אייגענעם לאַנד זיינען די כלומר־שטיקע פריינט געוואָרן מלאכי חבלה, וואָס שטייען ביי די טויערן מיט דאָפּלטע שווערדן און לאָזן אונזערע אומגליקלעכע אידישע נפשות נישט אַריינקומען אין דעם גן עדן, וואָס מיר אידן אַליין האָבן געשאַפן. דער מחבר רופט אויס די ווערטער פון מקונן „קראתי למאהבי והמה רמוני”. דער מחבר גלויבט, אַז ער דאַרף ענגלאַנד נישט פאַרטייטשן די ווערטער, זי איז דאָך א גאַנץ וואויל־קענעוודיקע, ווען עס קומט צום תנ"ך. די ענגלענדער דאַרפן וויסן וואָס עס מיינט ווען מען רופט צו פריינט און פריינט ענטפערן נישט.

אזוי איז דאָס געווען מיט די שיפן אַרום ארץ־ישראל און נישט בעסער איז עס געווען אויף דער עוויאַנער קאָנפערענץ, וועלכער דער מחבר ווידמעט א גאַנצן קאַפּיטל, ווייל אויך דאָרט האָט זיך געהאַנדלט וועגן קריגן לענדער פאַר דעם אידישן פאָלק, לענדער במדינות הים, און וואָס איז דאָרט געשען? גאָרנישט איז געשען. אידן זיינען הפקר. עטלעכע און דרייסיק פעלקער, וואָס זיינען געקומען צו יענער קאָנפערענץ, האָבן אין זייערע לענדער, וואָס קענען אַריינגעמען נאָך צוויי ביליאָן מענטשן, נישט געקענט געפינען קיין פּלאַץ פאַר א פּאָר מיליאָן אידן, וועלכע מוזן אַנטלויפן פון די לענדער, וואו זיי וואוינען, און פאַר וועלכע עס נישט קיין אַנדערע ברירה נאָר ווי וואָגלען אויף שיפן. וואָגלען זיי די אומגליקלעכע ווייטער אַרום ציללאָז און זייער האַרץ ווערט נישט באַרירט, אפילו זיין זוים ניט פון א האָפנונגס פליגל. פינסטער איז זייער וועלט.

שיפן אויף ים — אָט די מגילת איכה, וועלכע איז געשריבן געוואָרן מיט זודיקע טרערן, ענדיקט זיך אויך מיט א זייער טרויעריקער נאָטע. דער

מחבר האָט פאַרצווייפלט אין דעם מענטשן. ער קומט צו זייער טרויעריקע שלוסן. ער גלויבט, אז דער גאַנצער פּראָגרעס, די גאַנצע ציוויליזאַציע, זיין וויסנשאַפט און זיינע פילע דערפינדונגען האָבן דעם מענטשן נישט גליקלעך געמאַכט און נישט בעסער געמאַכט; ער מיינט, אז דער מענטש איז געבליבן א חיה, האָט זיך נישט אויפגעהויבן פון דער שטופע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען בשעת ער איז באַשאַפן געוואָרן. מען מוז מיט דעם מחבר'ס אויפפיר נישט מסכים זיין. דער מחבר איז א בקי און ער ווייסט, אז אפילו אזא פעסימיסט ווי קהלת, בא וועמען אין קאָפּ עס האָבן זיך געטראָגן געדאַנקען ווי קראָען שוואַרצע, האָט פונדעסטוועגן אויסגעלאָזט זיין צווייפל־בוך נישט מיט פאַרצווייפלונג, נאָר מיט דעם פסוק, אז עס איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט, אז אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן איז פון אים און ער וועט שוין אַרויסקומען מיט זיין פסק אין דער ריכטיקער צייט, אָבער ווי שטייט בא אונז: „אין אדם נתפס על צערן".

מען קען פאַרשטיין פאַרוואָס דער מחבר קירשנבוים האָט אזוי ביטער געפילט, אָבער מען מעג אים דאָך זאָגן, אז מיר גלויבן אז „די שיפן אויפ'ן ים" וועלן זיך נאָך אמאָל צושלאָגן צו א ברעג. בעסערע צייטן וועלן קומען, דעמאָלט וועט זיין ביכל זיין אן אָנדענק פון יענער ביטערער צייט, ווען דער בראָך פון אידישן פאָלק איז געווען טיפער פון דעם ים און פונדעסטוועגן זיינען זיינע זין נישט געשפרונגען אין ים נאָר מיט זייער געזונטן לעבנס אינסטינקט האָבן זיי אויף שיפן געוואָגלט אין דעם גלויבן, אז מעגן זיי וואַנדערן ווי לאַנג, אָבער ערגעץ וואו שטייט שוין צוגעגרייט א האַפן, וואָס וועט זיי, ווען די ריכטיקע צייט וועט קומען, אויפנעמען ווי אייגענע קינדער און געבן זיי די מעגלעכקייט צו אָטעמען און לעבן פריי. און עס איז באַשערט, אז אונזער פאָלק שפּרייזנדיק דורך ימ'ען פון בלוט און טרערן, זאָל נאָך דער מענטשהייט צוריקברענגען די געטלעכע קרוין, וואָס זי האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און וועלכע וואַלגערט זיך איצט אין מיסט און קויט.

**יענע צייט וועט קומען ! ! !**

**אב. גאָלדבערג.**

ניו יאָרק, אויגוסט 15טן, 1940.

# פאָרען שיפען אויפן ים

נישט די וועלדער האָבן זייער אלטע טיף אין דער ערד איינגעוואָרצעלטע מעכטיגע דעמבעס געגעבען צו בויען זיי, נישט די פעלדער האָבען זייער פלאַקס געגעבען פאר זיי גרויסע זעגלען צו וועבען, און נים אויף די ווינטען וואַרטען זיי צו פירען זיי צום ציעל — די שיפען אויפן ים.

פון פעסטען שטאָל און אייזען, ווערען זיי פון מענש געבויט, און דאָס פייער האָט דער מענש באַפוילען פון וואסער די מעכטיגע פיר קראַפט צו שאַפען.

ווען דער מענש האָט די ערד אָנגעהויבען באהערשען, דערגרונטעוועט זיך צו די אונגעהייערע ריזיגע נאטור רייכטימער און זיי אָנגעהויבען צו עקספּלואַטירען פאַר זיין גליק און צופרידענהייט, איז דער גרויסער ים דער שרעק אין דער פינסטערניש פארן מענש געבליבען.

אויסגעוואַקסען איז דער מענש, געשטיגען גייסטיג, מיט זיין שכל די וועלט איינגענומען, פאר זיין געניוס, די נאטור כוחות איינגעשפאַנט, פאַר אים איז אָבער געבליבען פארהוילען און פארבאָרגען דער ריזיג גרויסער ים מיט זיינע ברייטע טיפע וואַסער אויסגעגאָסען אין ווייטע ברעגען.

זענען יאָר הונדערט, נאָך יאָר הונדערט אוועק, געטראַכט און געפאָרשט האָט דער מענש וועגען ים און וועגען זיינע אונענדלאַכע ברעגען, שטודירט און געלערענט, וועגען די טיפקייט, ווייטקייט און ברייטקייט פון ים, געפילט אז דאָס גרויסע אמת'ע גליק פארן מענש ליגט ניט בלויז אין דער ערד אין אירע רייכטימער, נאָר גיכער אין דעם גרויסען מיסטעריען פינסטערען ים און דער עיקר — שאַפען די מעגלאַכקייט, פריי אונגעשטערט ארומצופאָרען אויף זיין אויבערפלאַך. זיינע מורא'דיג שטורמדיגע כוואַליעס דורכצוקרייצען.

און דערטראַכט האָט זיך דער מענש — איינגעפונדעוועטע אלט פאַר־וואָרצעלטע דעמבעס זענען אויסגעהאַקט געוואָרען און זעגלען זענען פון פלאַקס פון פעלדער געמאַכט געוואָרען און שיפען האָבען אָנגעהויבען פאָרען אויפן ים.

איז א נײ לעבען אויף דער וועלט אויפגעגאנגען. ים ברעגען האָבען זיך דערנענטערט, גרויסע וואסער אויסגאָסען זענען אײנגעשרומפּען, גרעסער איז די וועלט געוואָרען, שיפען האָבען לאנד מיט לאנד פארבונדען, נײע לענדער האָבען זיך געעפענט, פרעמדע פעלקער האָבען זיך דערנענטערט, האנדעל האָט זיך צובליט, דער מענשלאכער וויסען זיך פארגרעסערט, און מענשלאך גליק און צופרידענהײט פארמערט.

אָבהענגיג זענען אָבער די שיפען געוועזען אין די שטילקייט פון די וואסע־רען, אין בלאָזען פון ווינט. פון די ברעגען צו ווייט האָבען זײ ניט געקענט פאָרען, פינסטער און פארבאָרגען איז די ווייטקייט פון ים פארבליבען און ווען דער ים האָט זיך צובייזערט אויף זיין געשטערטע בהרחבה׳דיגער מנוחה, האָט ער זיינע שטורמדיגע כוואליעס אין די וואסערען געשליידערט און מיט די מיטהילף פון ווינט די זעגלען פון שיפען צובראָכען און די שיפען אין זיין טי־פעניש פארשלינגען.

און פראָגרעסירט האָט דער מענש, זיין גייסט האָט געשטיגען, מיט זיין מוח האָט ער אָנגעהויבען צייט און רוים צו מעסטען, די הימלישע פלאנעטען דערגרייכט, די נאטור כוחות פאר זיין טובה וועגען אײנגעשפּאנט, מיט זיין חכמה און שכל די וועלט אײנגענומען, דער הערשער איבער דער וועלט געוואָ־רען, האָט דערפילט דער מענש אז פאר דעם גליק פון דער אלגעמיינער מענשהייט מוז ער אומבאדינגט דעם ים באהערשען, די פינסטערניש פון ים דורכלייכטען, ווייטע מיט נאָנטע ברעגען פארבינדען, די ווייטסטע ים ברעגען דערגרייכען, די גאנצע וועלט, ערד און וואסער זאָלען פארן מענש גלייך זיין, די ברויזענדע שטורמדיגע ים כוואליעס און ווילדע ווינטען זאָלען ניט שרעקען מיט זייער געפאר און אויפהערען די הערשער איבערן ים און די בריי־טע וואסערען צו זיין און באפוילען האָט דער מענש, אז דער ים זאָל דאָס אייזען טראָגען און דאָס וואסער זאָל דורכן פייער די מעכטיגע פיר קראפט שאפען און שיפען געבויט פון שטאָל און אייזען פאָרען אויפן ים.

דער מענש האָט ביידע באהערשט — דאָס וואסער און דאָס פייער.

האָבען שיפען אָנגעהויבען אין די טיפע פינסטערניש פון ים אריינדרינ־גען. געפירט מיט זיך די ליכטיגקייט פון מענשלאכען שכל, געזוכט און גע־פאָרשט די ווייטע אנדערע זייט ברעגען און ניט אָבגענאָרט האָט זיך דער מענש — אנטדעקט האָט דער מענש, א דאנק די שיפען, נײע לענדער, נײע וועלטען!

און נייע מענשען. דורך די ברייטע דיקע ים פינסטערניש האָבען די שיפען א ליכטיגען פאקעל אַנגעצונדען, ליכטיג איז אויפן ים געוואָרען, א גרויסע נייע וועלט אויף יענער זייט ים איז אנדעקט געוואָרען, מערער ערד פארן מענשלא־כען פוס צום טרעטען, מער לופט צו אָטעמען, מער שפייז, גרעסערע אוצרות פאר דאָס מענשלאכע לעבען און דער מענש איז א גייסטיגער גיגאנט אויסגע־וואקסען — באהערשט די ימים, פאָרט פריי דורכן ים פון לאנד צו לאנד, אויף זיינע אויפגעבויטע שיפען פון שטאָל און אייזען.

זענען די שיפען פאר די מענשהייט א ברכה געוואָרען. צו די ברעגען וואוהין זיי זענען דערשווימען, האָבען זיי ליכטיגקייט און שפע געבראכט. דערפרייט האָבען זיך ים ברעגען מיט פרישע מענשלאכע פיס, די ערד האָט זייערע טריט געקושט, לענדער האָבען פריש אָנגעקומענע מענשען מיט אָפענע אָרעמס ארייגעכאפט און געהאלזט זיי, פריי, אָפען זענען לענדער געשטאַנען און פון אלע זייטען זענען מענשען אריינגעפאָרען. זענען וויסטע מדבריות אין גן עדנ'ס פארוואנדעלט געוואָרען, טיף אין דער ערד באהאַלטענע אוצרות זענען אויפגעגראָבען געוואָרען, פוסטע פעלדער זענען דורך מענשלאכע הענט פרוכטבאַר געוואָרען, לענדער זענען שטארק און מעכטיג געוואָרען, פראָגרע־סיווער און פאָרגעשריטענער.

איבעראל וואו די שיפען האָבען געגרייכט האָבען זיי מענשלאכע ציווילי־זאציע און פּראָגרעס מיט געבראכט. מיט זייער דורכקרייצען דעם ים האָבען זיי ניט בלויז די פינסטערניש פון ים פאַריאָגט, נאָר האָבען אויף יענער זייט ברעגען דעם ליכטיגען פאקעל פון מענשלאכע ציוויליזאציע און פאָרשריט אָנ־געצונדען.

אז דער מענש האָט איינגעזעהן די ברכה און גליק וואָס די שיפען ברענגען די גאנצע מענשהייט, האָט ער ריזיגע גיגאנטישע שיפען אָנגעהויבען צו בויען און צושיקען זיי אין אלע פיר ווינקלען פון דער וועלט.

האָבען די שיפען, פון לאנד צו לאנד געפירט, יונגע קרעפטיגע מענשען, געזונטע און ענערגישע, שעפערישע און טאלאנטפולע, יונגע הערצער פול מיט דערוואַרטונגען און האָפנונגען, אָנגעפילט מיט שטילע פרייד גרייטענדיג זיך אין נייעם לאנד צו א ניי לעבען און אויף די שיפען פאָרענדיג האָבען זיי ערשט באגריפען די גרויסקייט פון מענשלאכען וויסען און פּראָגרעס פון מענשלאכע דערגרייכונג אין דער וועלט און אויף די ימים און וואסערען.

און ווען אין א לאנד איז פלוצים פינסטער געוואָרען, שווארצע וואָל־קענס האָבען אין דער מדינה די הימלען פארצויגען, פארלאָרען האָבען מענ־שען דעם שכל־הישר, די חיה האָט אין מענש אויפגעוואכט, איין מענש דעם צווייטען האָט אָנגעהויבען פארפאָלגען, אויף דעם צווייטען מיט גוואלד גע־וואָלט ארויפצווינגען זיין אמונה, זיין אנשויאונג, דעם פארפאָלגטען, גע׳רודפ׳־טען, איז ענג געוואָרען, געבריט האָט די ערד אונטער זיינע פיס, די אטמאָס־פערע איז פאר אים פאר׳סמ׳ט געוואָרען, האָט ער צו די שיפען אויפן ים זיינע אויגען געווענדעט, פריינטלאך ליבלאך, האָבען זיי אים אויפגענומען, אין אן אנדער פריי לאנד אריבערגעפירט, א ניי לעבען האָט ער אָנגעהויבען בוי־ען, א לעבען ווי אים געפעלט, א לעבען פון פרייהייט, פון יושר און גערעכטיג־קייט, פון ברודערלאכע באציאונג פון מענש צו מענש.

זענען די שיפען אויפן ים, סימבאָלען פון מענשלאַכע ציוויליזאציע גע־וואָרען, פון מענשלאכע פרייהייט און מענשלאך וויסען, מענשען מאפלה לאורה אריבערגעפירט, פון פארפאָלגונגען זיי געראטעוועט, אָפט פון זיכערען טויט, צום ברעג וואוהין זיי זענען געקומען האָבען זיי מיט א טריאומפירענ־דען פייף דאָס גרייכענדע לאנד א גרוס פון מענשלאכע דערגרייכונגען און פראָ־גרעס געבראכט.

צענדליגער יאָרען זענען די שיפען אזוי אויפן ים געפאָרען, ביי די ברע־גען ווי בלישטשענדע שטערען פון ליכטיג ציוויליזירטען הימעל געפינקעלט, מענש צו מענש דערנעענטערט, גליק און צופרידענהייט אין לענדער געבראכט לאנד מיט לאנד דורכן ים פארבינדען, געפאָרען מיט א ציל צו א ברעג.

די ווינטען פון פרייהייט און גלייכהייט צווישען מענשען און פעלקער פון לאנד צו לאנד אריבערגעפירט, די פינסטערניש פון ים דורכגעשניטען, הויך, שטאָלץ דעם פאקעל פון מענשלאַכע ליכטיגקייט געטראָגען — הויפטזעכלאך מיט נעהאָלפען אין דער פראָקלאמירונג פון די וועלט פארשפרייטע הומאניטא־רע לאָזונגען און געגלויבט האָט זיך, אז דער מאָמענט צו מענשלאַכע שלימות איז געקומען, אז ער האָט דערגרייכט די מדרגה פאר וועלכע ער איז באשטימט, דער בחור פון היצורים, דער פון דורות לאנג דערוואַרטעטער און פון דער גאַנצער מענשהייט געהאָפטער אחרית הימים איז נאָענט.

און ווען מיר האָבען געהאלטען ביים שפיץ־פונקט צו וועלכען די גאנצע מענשהייט האָט געגארט און געהאָפט, איז אן אונגלויבלאך, אונדערוואַרטע־

טער פלוצלינגער ווילדער שטורם אָנגעקומען, דוקא פון א לאנד וואָס האָט זיך געהאלטען פאר דאָס ציוויליזירטסטע און קולטורעלסטע, און האָט אלעס מיטן שורש ארויסגעריסען, מיט טייוואלישע שד'ישע רוגזה אין טיפען שאול תחתיות אריינגעשליידערט.

האָבען מיט אמאָל די שיפען אויפן ים זייער ליכט אויסגעלאָשען, זייער גלייכגעוויכט אין וועג פארלאָרען, זענען ווי פון זינען ארונטער, וואנדלען ווי משוגעים אין דער טעמפּער נאַכט, בלאָנדזשען ארום אין ים אין די ברייטע וואסערען אָן א ציל, ווייסען אליין ניט וואוהין, און קענען אין ערגעץ צו קיין ברעג דערגרייכען.

פינסטער ווי א מאָל איז צוריק געוואָרען דער ים, אנטלאָפען זענען די ים ברעגען, ווייט אָפּגערוקט האָט זיך די יבשה פון די וואסערען אין טיפעניש פון ים האָבען די שיפען זייער טרעגערשאפט פון ציוויליזאציע ארונטערגע־שליידערט, דעם פאקעל פון מענשלאכע ציוויליזאציע פארלאָשען, זענען אין פינסטערע שווידערלאכע גרויליגע ים־תפיסות פארוואנדעלט געוואָרען און די רייזענדע אויף די שיפען — מענשען פון בלוטיגען שטורם געיאָגטע און געטרי־בענע, פארצווייפעלטע און האָפנונגסלאָזע, אכזריות'דיג געפּייניגטע, נאַקעטע און באָרוויסע, הונגעריגע און פארשמאכטע, מיט אויסגעלאָשענע האָפנונגען אין זייערע הערצער, אויסגעוואָרצעלט פון זייערע אלטע איינגעזעסענע היימען און פון דער גאנצער וועלט ארויסגעוואָרפענע.

ניטאָ מער קיין פּלאַץ אין דער וועלט פאר די מענשען וואָס די שיפען פי־רען, ניטאָ אין ערגעץ קיין באָדען פאר זייערע פיס, ניטאָ קיין ווינקעל אויף דער ערד וואָס זאָל זיי וועלען פארטראָגען, ארויסגעוואָרפען פון דער וועלט זענען די מענשען, קיין לאנד דערלאָזט ניט די שיפען נאָענט צו די ברעגען, קיין האַפען ערלויבט זיי ניט נאָהנט צו קומען.

פארשלאָסען האָבען לענדער זייערע טויערען, מיט שטאָלענע צוימען זיך פארצוימט, געהיט פון באוואָפענטע סאָלדאטען, בלאָנדזשען שיפען אויפן ים אין די ברייטע וואסערען, שווימען צווישען הימעל און וואסער, הערט זיך אין זייער פייף דער יאָמער פון גרויזאמען פיינלאכען טויט און ווי וואהנזיניגע געיאָגט פון ווילדען בלוטיגען שטורם, בלאָנדזשען די שיפען איבער ברויזענדע כוואליעס און שטורמדיג רוגזה'דיגע וואסערען, אָן א ציל און אָן א ברעג.

פאָרען אויף ימים און וואסערן שיפען מיט די פון שטורם ארויסגעוואָר־צעלטע מענשען פון זייער באָדען, מענשען וואָס די ערד איז פון אונטער זייערע פיס ארויסגעריסען געוואָרען, געיאָגט פון שווערד, טויט און פארוויס־טונג באַגלייט זיי פון הינטען און פארענט פון רעכטס און פון לינקס, פון איבער זייערע קעפּ און פון אונטער זייערע פיס, ניטאָ אין דער גאנצער וועלט קיין איינציג ווינקעל פאר זיי, ניטאָ קיין ערד אויף דער גאנצער וועלט פאר זיי צו טרעטען, נאָך ערגער ווי מייז זענען זיי אין פינס־טערע תפיסה־שיפען אריינגעוואָרפען געוואָרען און די שיפען שווימען ארום מיט זיי אויפן ים.

ציללאָז דרעהען זיך די שיפען מיט מענשען ארום ים. שווימען וואכען און מאָנאטען אין טיפע ים פינסטערניש, צווישען הימעל און וואסער, אלע ים ברעגען זענען פאר זיי פארשווינדען, ווייט און אונדערגרייכבאר זענען די פאָר־טען פאר זיי, ווי אין די גאָר אוראלטע צייטען, נאָך פארן מיטעלאלטער, איז דער ים געוואָרען דער שרעק פון פינסטערניש און טויט פאר די מענשען.

טויזנטער מענשען, ווערען טאָג טעגלאך, פון לאנד צו לאנד פון דעם ווילדען פארניכטענדען שטורם געטריבען, ערגער ווי חיות פון גרענעץ אהין און צוריק געשליידערט, פון אלעם בארויבט, און באַ׳גזל׳ט, נאקעט און באָר־וויס, געפייניגט און געשלאָגען, צע׳מזיק׳ט און צעבלוטיגט און פארוואונדעט און לסוף אויף שלעפּ שיפען ארויפגעוואָרפען.

ליגען אין די שיפען טאטעס און מאמעס, שוועסטער און ברידער, קראנ־קע און שוואכע, זקנים און עופּה׳לאך, מיט צעריסענע צעוואונדעטע לייבער, מיט אָפּגעריסענע נאָכהענגענדע אברים, אָפּגעשיילטע פּנימ׳ער, משוגע געוואָ־רענע פון יסורים און פיין, גרוי געוואָרענע פון שרעק, מיט אויסגעגלייזטע אוינען, אָפּגעטויטע מענשלאכע חושים, ווערען ווי אין קדחת געשליידערט און געוואָרפען אויף די שטורמדיגע וואסער כוואליעס און שלעפּען זיך צילל‏אָז ארום אויף די שבעה ימים אין ברייטען וואסער אויסגעגאָסען.

מיט שטורקאצען און מוזיק, ווי אין די גרוי אוראלטע צייטען ווערען מענער און פרויען, קינדער און זקנים, הוילע, נאקעטע און באָרוויסע אינמיטען נאַכט פון זייערע בעטען ארויסגענומען, מיט ווילדער רציחה געטריבען, גע־שלאָגען מכת־רצח, ערגער ווי חיות אויף אלטע צעפּאָרענע און האלב־צעפויל־טע פּראכט־שיפען ארויפגעוואָרפען אין די טיפע וואסערען אוועקגעשיקט.

שווימען די קיינעמס שטעדט, די ים־תפיסות, צווישען הימעל און וואסער, צווישען שטורם און געפאר, בלאָנדזשען ארום אין די וואסערען ווי נח׳ס תיבה אין צייט פון מבול ווען די ערד מיט די מענשען זענען אינגאנצען אָב־געמעקט געוואָרען.

טרעפט זיך, אז עס פאר׳גנב׳ט זיך א שיף ערגעץ צו א ברעג, זוכט בגנבה ארויסצעווארפען עטלאכע פון אירע פאסאזשירען אויף דער יבשה, ווע־רען זיי שנעל פון וואכזאמע באוואפענטע ברעג היטער געכאפט, געבונדען און געקאָוועט מיט קייטען ווערען זיי צוריק צום שיף געבראכט און מיט אָנגעלאָדע־נע ביקסען גרייט צום שיסען, קריגט די שיף דעם באפעל תיכף ווייט אין ים אריין צוריק צופאָרען.

שלעפען זיך, די גרויליג פינסטערע שיפען אויף ימים אין ברייטע וואַ־סערען, זוכען ערגעץ א שטיקעל ערד פאר די פון די וועלט ארויסגעוואָרפענע לעבעדיגע ברואים אין די ווילדסטע מקומות ביי די וויטסטע אינזלען, און פארוואָרפענע קאָלאָניעס, שטעהן באוואָפענטע וועכטער צו היטען אלע ים ברעגן גרייט אויפ׳ן באפעל פון זייערע העכערע בעאמטע צום טויט דערשיסען די וואָס ווע‌לען פון די בלאָנדזשענדע תפיסה שיפען א פּרואוו מאכען א פוס אויף דער ערד צו שטעלען.

און אז א פערהאַרטעוועטער שיפס־קאפּיטאַן, וועלכער קוקט אויף זיינע פּאסאזשירען ווי אויף ברואים וואָס זענען הפקר, באהאַנדעלט די אומגליקלא־כע לעבעדיגע באשעפענישען ווי אים געפעלט און אויך ער, קען מער ניט צוזעהן די שוידערלאכע ענוים און מאַטערניש פון די מענשען אויף די שיף, רייסט זיך דורך די אויפגעשטעלטע וואסער פארצוימונגען און עס געלינגט אים צו דערשלאגען זיך צו א ברעג — ווערט די שיף שנעל ארומגערינגעלט פון מחנות מיליטער, באוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס ווערען די פּאסאזשירען מיט טויזענט אויגען געהיטען, עס זאָל ווער זיך ניט ארונטערכאפּען פון די שיף בעפרייען זיך פון די פינסטערע אויפן וואסער תפיסה. ווי ווילדע קאַני־באלען אָדער אָנשטעקענדיגע מצורעים ווערט די שיף מיט די מענשען אָב־געשלאָסען און מיט טויט דראָהונגען וואָס גיכער פארלאָזען דעם פּאָרט ווערט די שיף געצוואונגען ארויסצוקירעווען זיך צוריק אין ים אריין און ווײַ־טער בלאָנדזשען און ארומשלעפען זיך אין די טיפע וואסערען.

— ווער זענען דאָס די מענשען אויף די שיפען?

פאר וואָס קומט די מענשען אויף די שיפען זאָלען אזוי גרויזאם שוידער־לאַך בעהאַנדעלט ווערען?

וואָס פאר אן אומגליקען און פּורעניוֹת'ן האָבען די מענשען אין די וואַסער תפיסות די וועלט און די מענשען געבראַכט?

זענען זייערע פארברעכענס אזוי גרויס, אז זיי קומט אזא גרויליגע אכזריות'דיגע שטראָף?

פארוואָס איז די ערד אונטער די פיס פון די מענשען אין די שיפען אוועקגעריסען געוואָרען און אין ערגעץ אויף דער גאנצער וועלט איז ניטאָ קיין באָדען פאר זיי צו טרעטען?!

**— זיי זענען אידען!**



ווי נעמט מען דעם נביא לגוים, וואָס זאָל אין זיך טראָגען דאָס פלאַם פייערדיג וואָרט פון גאָט, געשיצט פון דער געטלאַכקייט, זאָל ער זיך אונדער־שראָקען אין צענטער פון דער וועלט אוועקשטעלען. מוטיג, ווי א גייסטיגער גיגאַנט, אויפהויבען זיין מעכטיג קול ווי דאָס געשריי פון א דערצאָרענטען לייב, אריינשרייען אין דער וועלט, אז פעלקער און לענדער זאָלן פארציטערט ווערען:

הערט צו קופערנע הימלען און גיהנומ'דיגער ערד! קציני סדום, פעלקער פון עמורה. וואָס פאר א חורבן, רואינע, בלוטיג שוידערלאַכען אומגליק האָט איר געבראַכט אויף דער וועלט?

פאר וואָס האָט איר דערלאָזט, די אויסוואָרצלונג פון משפט, יושר און גע־רעכטינקייט זאָל מיט שמוץ פארוואָרפען ווערען, די וועלט אטמאָספערע פאר'סמ'ט ווערען, אויסוואורפען, דעגענעראַטען, זאָלען הערשער איבער לענ־דער ווערען. סאַדיסטישע נפשות, קרימינעלע פארברעכער, רעגירער איבער מיליאָנען נפשות, אין זייערע בלוטיגע טומאה הענט, זאָל ליגען דער גורל פון יתום און אלמנה, פון געטריבענעם און פארפאָלגטען, פון געקריוודעטען און שוואכען, פון הונגעריגען און ליידענדען.

פאר וואָס האָט איר דערלאָזט בלוט דורשטיגע צוויי פיסיגע ברואים, חיות בדמות אדם, זאָלען זייערע שווארצע פליגלען איבער דער ליכטיגקייט פון דער ציוויליזירטער זון אויסשפרייטען, מיט דיקע פינסטערניש די הימלען פארדע־קען, מיט אונגעהייער טייוולאנישע כוחות, די וועלט צום פרימיטיווען א מאָל צוריק שלעפען, צוריק צו איר היה'שען אורשפרונג, צו באַרבאַריזם און ברוטאַ־ליזים, — פון געטלאַכער אמונה, צו אוראַלטע געצענדיסט.

פאר וואָס האָט איר דערלאָזט, ווילדע מחבלים, גיהנום משחיתים, שטנ'ס קינדער, זאָלען מושלים איבער פעלקער און לענדער ווערען, זאָלען זיך איבער דער וועלט אויסשפרייטען און פארמערען. אָנהאַלטען כסדר און פארשלינגען גרעסערע שטחים ערד, מיט גיהנום צינדען די פארכאַפטע ערד, די פיס טריט פון די פארשלונגענע מענשען ברענען, ברענגען חורבן, אומגליק, אכזריות, און די פארהערלעכונג פון מעפיסטאָפאלישען סאדיזם — הפקר'דיג פריי, רויבען און גזלן, פייניגען און דערמאָרדען, זקנים וזקנות, שוואכע און קראַנקע, פרויע־ען און קינדער.

פאר וואָס האָט איר דערלאָזט די אויסהאָדעוואונג פון אזעלכע ניפטיגע שלאנגען, וואָס זאָלן פעלקער און לענדער באהערשען און מיט איינמאָל די ליכטיגקייט פון דער ציוויליזירטער וועלט אויסלעשען, די האָפענונג און הער־לאבע און פיעל פארשפרעכענדע צוקונפט פאר דער מענשהייט אבטויטען.

פאר וואָס האָט איר דערלאָזט, אז די וועלט וואָס איז פאר דורות לאנג מיט שווייס און בלוט אויפגעבויט געוואָרען, זאל מיט איינמאָל אין מענשלאכע טרערען און מענשלאך בלוט אָבגעשווענקט ווערען.

פאר וואָס? . . .

אָט ערשט גאָר ניט לאנג צוריק, האָבען מיר דאָך זיך נעגרויסט מיט דער וועלט פון ציוויליזאציע, פראָגרעס, וויסענשאפט, דערפינדונגען פון טעלעפאָן, טעלעגראף, עראָפלאנען, ראדיאָ און טעלעוויזשאָן.

אָט ערשט ניט לאנג צוריק, זענען די צוקונפטס אויסזיכטען געווען אזעל־כע הערלאכע און ליכטיגע, די האָפנונגען און דערווארטונגען, קאָלאָסאלע און גראנדיעזע. מיט אונזערע אויגען האָבען מיר געזען, די באפעסטיגונג אויף דער ערד פון דעמאָקראטיע, יושר, הומאניטעט, סאָלידאריטעט צווישען מענשען און פעלקער, פרייהייט און גערעכטיגקייט פאר אונטערדריקטע, רחמנות און מיטלייד פארן שוואכערן און הילפסלאָזען.

מיר האָבען דאָך כסדר געהאלטען זיך אין גרויסען, יעדע רגע האָבען מיר שטאָלצירט — מיר לעבען אין א גליקלעכע צייט, אין צוואנציגסטען יאָר הונדערט. מיר האָבען זיך דאָך אליין מקנא געווען, וואָס מיר האָבען זכה בגורל געווען געבוירען צו ווערען און לעבען אין אזא פראָגרעסיווע ציווילי־זירטע וועלט.

מארבע פנות העולם האָבן פרייהייט׳ס לאסטשענדע ווינטלאך געבלאָזען, געלאסען, ביסלעכווייז, דעם אָנגעוואקסענעם שימעל פון מיטעלאלטער ארונ־טערגעבלאָזען, ציטערדיג, פאר דער אויפגעהענדע שטראהלענדע ליכטיגע זון, האָבען די שווארצע כמארעס און פארבליבענע צושפאָלטענע שטיקער פינסטע־רע וואָלקענס, נידעריגער צום הימעל האָריזאָנט זיך אוועקגעשארט. אין איר פולער ליכטיגקייט, ווי דעם ערשטען טאָג פון איר באשאף, האָט די זון אויפן קלאָרען הימעל זיך ארויסגערוקט, געלויכטען און געווארימט, געלאסטשעט

און געקושט אלע באשעפענישען אויף גאָט'ס ערד, קיין חילוק פון ראסע, קאָליר, רעליגיע און אמונה, אָרים אָדער רייך.

און ווער האָט נאָך מער ביזגעשטייערט און געארבייט פאר דער מאָדערנער ציוויליזאציע ווי מיר אידען. ווער נאָך, האָט מיט אזא אייפערדיגען מסירת־נפש אוועקגעגעבען, מוח און הארץ פאר דער פראָגרעסיווער וועלט ווי מיר אידען?

ווער נאָך האָט אריינגעלייגט די גאנצע נשמה און פייערדיגסטען ענטוזיאזם אין דינסט פאר דעם פראָגרעס און פאָרשריט פון דער וועלט און די מענשהייט, ווי מיר אידען.

אונזער אלטע אמונה, פון אונזערע אבות אבותינו, וואָס מיר טראָגען זייט דורות אין די טיפעניש פון אונזערע הערצער, האָבען מיר מיטן גאנצען פייער פון אונזער נשמה איבערגעטראָגען אין גלויבען אין דער מאָדערנער ציוויליזירטער וועלט.

קיינער האָט אזוי באמונה שלמה ניט געגלויבט, אז די ישועה פון דער וועלט און די מענשהייט וועט קומען פון דער מאָדערנער וועלט, ווי מיר אידען. קיינער איז ניט געווען אזוי זיכער, אז מיר רוקען זיך יעדען טאָג נעענטער, צו דעם ליכט וואָס וועט שיינען אויף אלע קינדער פון דער וועלט, ווי מיר אידען.

ציוויליזאציע ! — ארויסרעדענדיג דאָס דאָזיגע צויבער וואָרט פון מויל, זענען מיר פארציטערטע, מיט אויסערגעוועהנלאכען יראת־הכבוד געבליבען שטעהן און מיר האָבען דערפילט אן אינערלאכען שטאָלץ.

זאָל נאָר די ציוויליזאציע און וויסענשאפט גרעסערען פאָרשריט מאכען, די פראָגרעסיווע אידעען און אנשויאונגען אויף דער וועלט פארשפרייט ווערען, וועט זיך די מענשען אויף דער וועלט און אויך אונז אידען, ווי אין א גן־עדן לעבען. אלע רעכט און פרייהייטען וועלען מיר געניסען, גלייך ווי אלע מענשען אויף דער וועלט, הנאה האָבען און צופרידען לעבען פון די מיהפולע דערוואָרבענע מענשלאכע דערגרייכונגען.

ציוויליזאציע!—ווי א כשוף וואָרט איז דאָס געווען ביי אונז, דאָס העכסטע אין לעבען, דער גן־עדן אויף דער וועלט, ביי אונז, מערער ווי ביי אלע פעלקער אויף דער וועלט.

ווער האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט, אז אין אונזער דור, וועט אזא אונ־דערוואַרטעט, אונגלויבלאַך פלוצימ'דיגער איבערברוך אין דער וועלט פאָרקו־מען, וואָס וועט אלע דערגרייכונגען פון דער ציוויליזאציע מיטן שורש אויס־וואָרצלען און מיט איינמאָל די וועלט צום פרימיטיווען א מאָל צוריקשלעפּען.

ווער האָט געגלויבט, אז פאר אונזערע אויגען זאָלען אזעלכע ווילדע איבע־ראשונגען ארויסשפּרינגען, וואָס מיט א קורצער צייט צוריק, האָבען מיר אפילו ניט געקאָנט חלומ'ען וועגן זיי.

ווער האָט א מאָל געקאָנט אויסרעכענען, אז דער פּראָגרעס און פאָרשריט פון דער צייט, וועט אונז דערפירען צו אזא תהו־ובהו, וואו קיינער וועט ניט ווייסען וואָס מאָרגען וועט ארויסקומען.

אן אנדרלמוסיא, א פולשטענדיגע איבערקערעניש איז דאָך פאָרגעקו־מען אויף דער וועלט. טאָג מיט נאַכט, ליכט מיט פינסטערניש, ווי פאר מעשה־בראשית האָבען זיך צוזאמענגעמישט, חושך ואפלה, האָבען אינגאנצען באַדעקט דעם אויבערפלאַך פון דער ערד.

אונטערגעגאנגען איז די זון, באַהאַלטען זיך פאר חרפה אין איר שייד, מיט דיקע פינסטערניש זענען די הימלען באַדעקט געוואָרען, שדים, רוחות, שאלטע־ווען הפקר'דיג פריי אויף דער וועלט, צושטערען, צוברעכען, פארניכטען, ריי־סען מיטן שורש ארויס דאָס וואָס די וועלט האָט הונדערטער יאָרען געגומען מיט בלוט און קרבנות, מיט שווערע מי און שוויס צו שאַפען און אויפבוי־ען.

גאָטס בחור מכל היצורים — דער מענש, איז צוטיילט און צוברעקעלט געוואָרען. איין מענש דעם צווייטען זוכט מיט האס און ווילדקייט צו פארניכ־טען. פארלאָרען אינגאנצען האָבען מענשען דעם באַגריף וועגען זאכען וואָס מען טאָר ניט טון — אלעס מעג מען, אויב מען באַזיצט נאָר דעם כוח און גבורה דאָס צו טון. קיינער ווייסט ניט וואו איין און וואו אויס, וועגלאָזיג־קייט, פארצווייפלונג, צומישונג הערשט איבער דער גאנצער וועלט.

אויפגעטרייסעלט געוואָרען איז דער פונדאמענט פון דער ציוויליזאציע, און דער גאנצער פון דורות לאנגער אויפבוי איז ווי א קאָרטען שטוב צוזא־מען געפאלען. ערבוביא הערשט איבעראל, נאָך אלע דערגרייכונגען אין דער ווי־

סענשאפט, דערפינדונגען, און ענטוויקעלטען מענשלאכען שכל האָט די מענש־
הייט פארלאָרען דעם וועג, ווייסט זיך ניט וואוהין צו קערען און ווענדען, —
חורבן, רואינע, אומגליק, פארוויסטונג און טויט איז אויף דער גאנצער וועלט
אויסגעשפרייט.

פון אונזער אמאָליגער גרויסקייט, אז וואויל איז אונז וואָס מיר לעבען אין דעם
דור, זענען מיר אין טיפען שאול תחתיות ארונטערגעשליידערט געוואָרען. פון
אונזער אמאָליגען שטאָלץ מיט דער ציוויליזאציע, מיט דעם צוואנציגסטען יאָר
הונדערט איז אונז א בארבאריש בלוטדורשטיג חיה'שע וועלט פארבליבען.

מיט מורא'דיג דיקע פינסטערניש, זענען אונזערע ליכטיגע האָפנונגען באַ־
דעקט געוואָרען. פינסטער איז געוואָרען אונזער לעבען. אונזער אמונה און די
מענשהייט ליגט געפאנגען אין קאָנצענטראציאָנס לאגערען, פון אויסוואורפען,
דעגענעראטען און בלוטדורשטיגע סאדיסטען, באַשפּינען און צוטרעטען, פאר־
בלוטיגט און פארוואונדעט.

ווערטלאָז און נישטיג איז געוואָרען דאָס מענשלאכע לעבען, ווי מיאוס'ע
ווערים ווערען מענשען דערדריקט, מיט שטאָלענע שטיוועל צוטראטען, דער־
שטיקט און דערוואָרגען, באַשפּיגען און פאראומרייניגט.

אָבגעשטאָרבען איז דאָס הארץ פון דער וועלט, אויסגעוועפּט האָט דער
געפיל פון רחמנות, אויפטרייסלענדע בלוט פארגליווערטע מעשים־תעתועים
געגען מענשען ווערען טאָג טעגלאך פון חיות בדמות אדם באַגאנגען און
די וועלט קימערט דאָס ניט, מאכט זיך בלא־יודע.

בלינד און טויב איז די וועלט געוואָרען. ניטאָ אין ערגעץ מער קיין פונק
פון יושר. חושך ואפלה, ממש מיט די הענט אָנצוטאפּען האָט פארדעקט די
וועלט. מיט יעדען טאָג ווערט די וועלט מיט דער מענשהייט, מיט אונגעהויערע
שנעלקייט, צום פינסטערען מיטעלאלטער צוריקגעשלעפּט, אונטערגעגאנגען איז
די זון, קופּער איז געוואָרען דער הימעל — א גיהנום די ערד.

און מיר אידען, די פארהערליכע און פארהייליגער פון דער ציוויליזאציע,
די פייערדיגע טרעגער און ענטוזיאסטישע פרעדיגער פון דער מאָדערנער
וועלט. מיר וואָס האָבען אין פראָגרעס און ציוויליזאציע געזען די נשמה און
דאָס הארץ פון דער וועלט — ווערען דערפאר מערער פון אנדערע מענשען

אויף דער וועלט גרויזאמער באַשטראָפט, מיט די שווידערלאַכסטע מאוים׳דיגע עִנוּיים געפּייניגט, פון אַלט באַזעסענע היימען מיטן שורש ארויסגעריסען, פאַר־טריבען און פאַריאָגט אויפן וועג נאָך ערגער ווי ווילדע חיות דערמאָרדעט און געשאָכטען.

דאָס באַרימערישע „קולטורעלע" דייטשע פאָלק, וואָס האָט פאַרוואָרפען און אָבגעקערט זיך פון דער וועלט פון פּראָגרעס און וויסענשאפט, ווי זיי פּרעטענדירען, אז זיי האָבען קאָלאָסאַלע ביישטייערונגען געמאכט. האָבען זיך צו די גרוי־אוראַלטע צייטען צוריק געקערט, די ירושה פון זייערע אורעלטע־רען די הונען איבערגענומען — וואָס האָבען אין יענע פּרימיטיווע צייט, מיט זייער ברוטאַלע באַרבאַרישקייט, די ווילדסטע שבטים איבערגעטראָפען, דעם אוראַלטען בלוטדורשטיגען גערמאַנישען גאָט טעאוטאַן אקצעפּטירט. ווי בייזע חיות, מחבלים, האָבען זיי זיך ארויסגעלאָזט איבער דער וועלט מיט דער שווערד פון מלאך־המות אין די הענט, אונטערצוהאַקען דעם שורש פון דער אויפגעבויטער ציוויליזירטער וועלט — זיי ווייסען און פילען, אז די פאַרניכטונגס - ארבייט זאָל זיין א פולשטענדיגע, מוזען זיי צום ערשט די טרעגער און פאַרשפּרייטער, די גלויביגע און פאַרפלאַנצער פון דער וועלט ציוויליזאציע אויסראָטען און אומברענגען.

האָבען זיי, די גערמאַנען פון דריטען רייך, א ניי ליד אויסגעשמידט. די מגולגל׳דיקע אוראַלטע בלוטיג ווילדע הונען האָבען א ניי ליד געשאפען, וואָס וועקט, מונטערט, צינדט די הערצער פון די קינדער פון אמאָליגען פאָלק פון פּאָעטען און דיכטער געגען די אייפערדיגע ליבהאָבער פון דער מענשלאַכער ציוויליזאציע די אידען — „ווען אידען בלוט פון מעסער שפּריצט, דאַן געהט אונז נאָך א מאָל אזוי גוט".

דער גאַנצער ווילדער צאָרן פון די תהית־המתים׳דיגער באַרבאַריש בלו־טיגע הונען ווערט צו אונזערע קעפּ אויסגעלאָזט. גרויליגער, אכזריות׳דיגער ווערען מיר באַשטראָפט און געפּייניגט, מער פון אנדערע מענשען אויף דער וועלט.

האָבען מיר אידען דאָס פאָראויסגעזעהן אונזער אינטואיציע האָט דאָס אונז פאָראויסגעזאָגט.

ווען מיר האָבען געזען אז דער פאַרדאָרבענער און וועלט פאַרניכטענדער אוראַלטער הונען גייסט, געפּריידיגט פון בלוט דורשטיגע סאַדיסטען, גייסטיגע

קאַרליקעס און געשלעכטלעך קראַנקע האָמאָסעקסואַליסטען, כאַפּט ווי אַ העליש פייער אַרום דאָס דייטשע פאָלק, האָבען מיר אונאויפהערלאך געהאַלטען אין מזהיר זיין די וועלט — געדענקט! אויב אָט דער ווילדער אויפגעשטאַנענער באַרבאַרישער גייסט אין דער פאַרקערפּערונג פון דעם צווייַ פיסיגען באַשעפעניש היטלער און זיין שד'ישע כנופיא וועלען אַריינקרינגען די ממשלה איבער דאָס דייטשע פאָלק, וועלען זיי זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט פאַרפאָלגען און רודפ'ן אונז אידען, מיר וועלען בלויז די ערשטע זיין צו דערפילען דעם סם־המות'דיגען טעם פון זייער שאַרפער שווערד, מיר וועלען בלויז זיין די ערשטע אויפן פייער, פריער אָדער שפּעטער, וועט די אויפשטייגענדע חיה און דאָס דייטשע פאָלק מיט די שווערד אין האַנט אַרויסלאָזען זיך אין אַ פאַרניכטענדען מאַרש איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. וועלען שעכטען רעכטס און לינקס, חרוב מאַכען און אויסוואָרצלען דאָס וואָס די מענשהייט האָט הונדערטער יאָרען גענומען צו שאַפען און אויפבויען.

האָבען מיר אין קאָנוואולסיעס זיך געצאַפּעלט, דאָס גוסס'דיגע כאָרכלען פון אונזערע פאַרפּייניגטע שוועסטער און ברידער, פון אונזערע זקנים און קליינע קינדער דורך די בלוטיג מערדערישע הענט פון דאָס נייַ דערוואַכטע דייטשלאַנד האָבען אונטערען הימעל געגרייכט, אָבער ניט די ציוויליזירטע וועלט. די וועלט האָט פאַרשטאָפּט די אויערען ניט צו הערען זיך, צו אונזערע וואָרנונגען און צו דעם גרויליגען טויט געשריי, פון אונזערע דערמאָרדעטע און דערשטיקטע שוועסטער און ברידער.

— מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגען, האָבען מיר גע'טענה'ט צו די וועלט: הערט זיך צו אונזערע וואָרנונגען צו, מיר דאָס אַלטע גע'רודפ'טע און געפּלאָגטע אידישע פאָלק, האָבען אַ באַשטימטען חק ולא יעבור, פון דור דורות, אַז ווען אַ פאָלק פאַרנעמט זיך אונז צו פאַרפאָלגען, אונז עוקר מן השורש צו זיין, איז דאָס בלויז אַן התחלה פון אַ שפּעטערדיגער מלחמה, געגען דער גאַנצער מענשלאַכער פרייהייט און ציוויליזאַציע. פאַרפלאַנצטע פיינדשאַפט צו אונז, פירט סוף כל סוף צו שנאה קעגען דער גאַנצער מענשהייט, פאַרגיסען בחנם אידיש בלוט, דערפירט סוף כל סוף צו בלוט פאַרגיסונגען פון דער גאַנצער מענשהייט.

אָבער ניין, די וועלט האָט ניט געוואָלט זיך צוהערען צו אונזערע אזהרות. זאָל צום שאַנד פון דער וועלט געזאָגט ווערען, אַז עפענטלאך אין געהיים האָט מען דעם הויפטלינג, היטלער, געגעבען קוראַזש, דערמוטיגט אים, פאַרשטאַרקט

זיין מאכט, געהאָלפען דעם אימה׳דיגען אקטאפּוס זיך צעוואקסען, צוגעגרייט פאר איס דעם באָדען, ער זאָל שפּעטער ווי א צעיושעטע בלוטדורשטיגע חיה ארויסלאָזען זיך צו פארניכטען די ציוויליזירטע וועלט און אויסשלאכטען די מענשען.

איז אויף דער וועלט געקומען דער יום קראת ויהיו כמוני! פאר דעם באַגאנגענעם היסטאָרישען חטא באצאָלט די וועלט מיט בלוט און חורבן. ארויסגעלאָזט האָט זיך דער טייוולאָנישער מאָנסטער אויף זיין פארניכטענדען מארש איבער דער וועלט. וואָס מענשען האָט געגומען יאָר הונדערטער אויפצובויען, און אין איין רגע צושטערט און פארניכטעט.

אין א קאניבאַלע חיה איז דער מענש פארוואנדעלט געוואָרען. מענש נעגען מענש איז אויפגעשטאַנען, איינער צילט דעם צווייטען שנעלער זיין בלוט צו פארגיסען. געעפענט האָט די ערד איר מויל פאר גרויסע מענשלאכע קברים, ווידער טרינקט און זעטיגט זיך די ערד מיט מענשלאך בלוט און די שווארצע קראָען מיט מענשלאך פלייש — באצאָלט די וועלט איר שטראָף פאר דערלאָזען אויסוואקסען דעם פינסטערען היטלעריזם. געצוואונגען געוואָרען איז א טייל וועלט די שווערד פון שייד ארויסציהען געגען דעם פארניכטענדען ווילדען הונען גייסט און פארפירען געגען איס א קאמף פון לעבען אָדער טויט.

קיין פאָלק האָט אָבער ניט געצאָלט און צאָלט ניט אזא טייערען בלוטיגען פרייז ווי מיר אידען. קיין פאָלק איז ניט געצוואונגען צו שלאָגען זיך אויף אלע פראָנטען צו באפרייען זיך פון דעם אלץ פארצערענדען מאָנסטער, ווי מיר אידען.

בעת אנדערע פעלקער שטעהן, מיט שווערד און שפּיז, פון קאָפּ ביז די פיס באוואָפענט, שטעהן אויפן שלאכטפעלד קעגען די לויז־געוואָרענע חיות גלייך אויף גלייך, ווערען מיר אידען אונבאוואָפענטע, שוצלאָזע, הילפסלאָזע און האָפנונגסלאָזע מיט אזא ווילדען גרוילינען אכזריות געפייניגט, געמאטערט און געמאָרדעט, אז זייט די וועלט שטעהט זענען נאָך אזעלכע משונה׳דיגע ענוים און אינקוויזיטאָרישע מערדערייען ניט באגאנגען געוואָרען געגען לעבעדיגע מענשען, ווי די געוועזענע נאָבעלע קינדער פון דאָס דייטשע פאָלק, ווענדען אָן געגען אונז אידען.

די אמאָליגע קאניבאַלען און מענשען פרעסער זענען געווען אומשולדיגע לעמעלאך אין פארגלייך מיט די היינטיגע בלאָנדע דייטשע בעסטיעס.

זיבען יאָר, ווי היטלער איז געקומען צו דער מאכט אין דייטשלאנד. פון ערשטען טאָג אָן, האָט ער דעם הויפּט־פּונקט פון זיין רעגירונגס פּראָגראם געשטעלט די אויסראָטונג און פארניכטונג מיט די גרויזאמסטע שוידערלאכסטע מיטלען די שוואכע שוצלאָזע אידישע מינאָריטעט אין דייטשלאנד.

זיבען יאָר ווערען אידען אונטער היטלערס ממשלה בארויבט, באַ'גזל'ט, געפּייניגט און געמאָרדעט, ערגער ווי ווילדע חיות. און מיר פרעגען זיך ווי איז דאָס מעגלאך, אז א גאנץ פאָלק וועלכעס האָט כסדר געהאלטען אין גרויסען זיך מיט זיין קולטור, דיכטונג, פּאָעזיע, וויסענשאפט און פילאָזאָפיע, זאָל אזא פאָלק, זיבען יאָר, טאָג איין טאָג אויס, צו זעהן אזעלכע גרויזאמע שוידערלאך בלוט פארגליווערענדע מעשים ווערען באגאנגען געגען מענשען — לעבעדיגע ברואים און דאָס גאנצע פאָלק זאָל שווייגען, ניט רעוואָלטירען. קיין איינציג אָרגאניזירטער פּראָטעסט אין לאנד זאָל ניט געהערט ווערען געגען די טייוולאָ־נישע מעשים.

במשך פון די זיבען יאָר היטלערס ממשלה האָט אין גאנץ דייטשלאנד זיך ניט געפונען קיין איין גרופּע, אָדער צאָל יחידים, וואָס זענען גרייט געווען זיך אויפצואָפּפערען פאר דעם כבוד פון דעם דייטשען פאָלק, לאָזען הערען זייער שטימע פון פארדאמונג געגען די גיהנום'דיגע גוואלדטאטען פון היטלער מיט זיינע נאצי־משחיתים, פאר דער וועלט דערקלערען אז דאָס דייטשע פאָלק, שאָקעלט זיך אָפּ פון די בלוטיגע בעסטיאלישע טאטען פון זייער הויפּטלינג, היטלער פארטרעט ניט דאָס דייטשע פאָלק, זייערע לעבענס זאָלען זיי גרייט זיין מפקיר צו זיין, שטארבען גלייך ווי די געפּייניגטע און גע'ממית'טע אידען — אויב דאָס האָט ניט פּאסירט ביז היינט, איז א באוויז אז דאָס דייטשע פאָלק איז ניט בעסער, ווי זייער באנדיטישער פירער.

די פון דייטשלאנד אנטלאָפענע גרויסע גייסטער און געלערנטע, אין לויף פון דער צייט האָבען מיט די שארפסטע ווערטער פארדאמט די בעסטיאלישע מעשים פון היטלערן און די נאצים. מיט זייער מוח און הארץ, מיט זייער דענקען און נשמה, האָבען זיי זיך אָפּגעטרייסעלט פון די דייטשע פאָלקס מאסען זייער גייסט איז אן אוניווערסאלער, א וועלטלאכער, באין־אופן ניט קיין איצטיג דייטשלאנד.

אָבגעבערקעלטע שטראַלען פון דער אמאָליג ליכטיג גרויסע ציוויליזירטע זון זענען זיי, וואָס האָבען ארויסגעפינקעלט בעת די שווארצע כמאַרעס האָבען אָנגעהויבען פארטונקלען דעם דייטשען הימעל. גלייך ווי דער הימעל און דייטשלאנד איז איינגאנצען מיט דיקע פינסטערע וואָלקענס פארצויגען געוואָרען, איז זייער ליכטיגקייט איינגאנצען אויסגעלאָשען געוואָרען, איז פאר זיי מער קיין פּלאַץ ניט געבליבען און זיי האָבען געמוזט אנטלויפען פון דאָרט.

די אין גלות ארומבלאָנקענדע דייטשע גייסטער, יענע גרויסע צאָל „געלערענטע" אין דייטשלאנד וואָס זענען מיט היטלערן און שטיצען היטלעריזים, העלפען דעם נאַציזם מיט ראט און טאַט אין דער פארגוואלדיגונג און פארקנעכטונג פון פעלקער, לענדער — אין גרויזאמע גרויסע קאָנצענטראציאָנס תפיסות פארוואנדלען. יענע דייטשע „געלערענטע", וואָס העלפען אין דער פארניכטונג און אויסראָטונג פון מענשלאכע פרייהייט און גערעכטיגקייט, פון מענשלאכע ציוויליזאציע און פּאָרשריט, די וועלט אין אַ ים פון יסורים און בלוט דערטרינקען — זיי זענען געוואָרען דער אויסדרוק פון דייטשען פאָלקס כאראַקטער, זיי פארטרעטען און דריקען אויס די סענטימענטען און די מאָראל פון די דייטשע פאָלקס מאַסען.

און די ארומיגע וועלט האָט געטראַכט ווער רעפּרעזענטירט דאָס דייטשע פאָלק?, די עטלאכע צעהנדליגע דייטשע געלערענטע אין גלות, אָדער די צענדליגער טויזענטער און מיליאָנען דייטשען וואָס האָבען געשטימט בעת די וואהלען פארן היטלער רעזשים, פארגעטערען זייער פירער און פירען דורך אויף זיין באַפעל, די גרויזאמסטע בלוטיגסטע מעשים וואָס נאָר די בלוט צורייצטע פאַנטאַזיע פון מענשען פרעסער קענען אויסטראַכטען?

ווער?

מען האָט געטראַכט, אז דאָס דייטשע פאָלק און די די דייטשע פאָלקס מאַסען ליגען אונטער היטלערס אייזערנעם קנאַפּעל, זיי מוזען שווייגען, האָבען ניט די מעגלעכקייט זיך געגענצושטעלען, זענען אָבער שטארק דאגענען די בלוטיגע מעשים תעתועים פון די נאַצים.

ווער איז דאָס דייטשע פאָלק און ווער זיינען די דייטשע פאָלקס מאַסען?

ווער האָט מיט חיה'ש סאדיסטיש הנאה, מיט רעליגיעזע שמחה, ווי די ווילדע קאניבאלען וואָס טאנצען ווי שדים ארום זייער לעבעדיגען קרבן וואָס ברענט און בראָט זיך אויפן פייער, געטראָגען, צוזאמענגעקליבען, און גע־וואָרפען אין שייטער־הויפען די ביכער, אין וועלכע זענען אָנגעזאפּט געווען מיט מענשלאכע קולטור, מענשלאך וויסען, מענשלאכע ציוויליזאציע און פּראָ־גרעס, שעפערישע ענערגיע פון הונדערטער יאָרען דורות, אויב ניט קינדער פון דאָס דייטשע פאָלק און די דייטשע פאָלקס מאסען?

ווער האָט דורכגעפירט די אלע גרויל־האפטע רציחות, מיט שוידערלאכע כלי־זין פון פיזישע און מאָראלישע פייניגונגען — גערויבט, געמאָרדעט, דער־שלאָגען צום טויט צושטערט און פארוויסט אויב ניט די דייטשע פאָלקס מאַ־סען?

ווער האָט זיך איזדעקעוועט מיט חיה'שע רציחה, מיט קאניבאלע בעס־טאליטעט, פארפייניגט צום טויט, געשענדעט, דערשטיקט און דערמאָרדעט אונזערע אונבאשיצטע הילפלאָזע צעוועהטאָגטע און צעבלוטיגטע שוועסטער און ברידער אין דייטשלאנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואקיע, אין פוילן, אויב ניט די דייטשע פאָלקס מאסען?

היטלער און היטלעריזם איז דער ארויסגעפּלאַצטער געשוויר פון אינערלאך דורכגעפוילטען דייטשען פאָלקס־אָרגאניזם.

היטלער און היטלעריזם, מיט זייער צעווילדעוועטע בלוטדורשטיגקייט האָבען די וועלט באוויזען, וויפיל אינערלאכע פארדאָרבענקייט און געמיינהייט עס איז געלעגען באהאלטען אין די טיפעניש פון דאָס דייטשע פאָלק.

עס איז ניט געווען בלויז היטלער, עס איז דאָס דייטשע פאָלק. ניט היטלע־ריזם אין דייטשלאנד וועט שטעהן פארן משפט אין דער צוקונפט, נאָר דאָס גאנצע דייטשע פאָלק.

וואָס דער משפט אין דער צוקונפט זאָל ניט זיין איבער דעם דייטשען פאָלק, אויף אונזערע קעפּ האָט זיך אויסגעגאָסען זייער גאנצע חיה'שע רציחה אלע פורעניות'ן פון אמאָל ביז היינט, וואָס די מענשהייט האָט דורכגעמאכט האָבען מיר דורכגעמאכט. די מורא'דיגסטע טראגעדיע און שוידערלאכסטע קאטאסטראָפע האָט אונז אידען, מערער פון אלע מענשען אויף דער וועלט געטראָפען.

דעם גרעסטען אומגליק און חורבן אין אונזער עקזיסטענץ האָבען מיר דורכגעלעבט.

מיר אידען, אלס א מארטירער פאָלק, וועלכע האָבען דורך די טויזנטער יאָרען פון אונזער געשיכטע שוין דורכגעמאכט כל'ערליי צרות און יסורים, אינקוויזיציעס און אויטא־דע־פעים, אונז איז שווער צו איבערראשען מיט פארפאָלגונגען און שחיטות, האָבען פונדעסטוועגען נאָך ניט דורכגעמאכט, אזא אומגליקלאך קאטאסטראָפאלער צייט, ווי די זיבען יאָר פון היטלער רע־זשים. זאָלען מיר ציהען אנאלאָגיעס, פון ערשטען אידישען חורבן, די אלע הונדערטער יאָרען וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט, פארגלייכען די פארבלוטיג־סטע קאפיטלאך אידישע געשיכטע, צו אונזער פינסטער אימה'דיג איצטיג אי־דיש' לעבען, וועט דאָס קאלידיסקאָפיש זיך אָפשפיגלען אין זיי.

אלס וואָס מיט אונז האָט געטראָפען און מיר האָבען דורכגעלעבט, פון ער־שטען טאָג וואָס מיר זענען געקומען קיין מצרים, האָט פאסירט דאָס אלס צו־זאמענגענומען מיט אונז איצט.

אונזער אומגליקלאך אידיש לעבען זעהט אויס ווי א שנעלע בלוטיגע היסטאָרישע איבער'חזר'ונג, פון אלץ וואָס האָט מיט אונז געטראָפען זייט מיר זענען א פאָלק געוואָרען.

יעדער טאָג איז א באזונדער בלוט פארגליווערענד קאפיטעל אידישע גע־שיכטע, וואָס האָט מיט אונז שוין פאסירט אין פארלויף פון אונזער עקזיס־טענץ. יעדע גזרה אויף אונזערע קעפ איז א ווידערהאָלונג פון די אוראלטע גזרות פון מצרים און מיטעלאלטער.

צענדליגער טויזענטער אונזערע שוועסטער און ברידער אין אייראָפא זענען אין די לאגע פון אונשולדיגע שעפעלאך וואָס ווערען טאָג טעגלאך פון די חיה'שע נאצים געפירט צו דער שחיטה אָהן די מינדסטע מעגלאכקייט זיך צו ווערען, אָן די מינדסטע געלעגענהייט אפילו צו שטארבען ווי מענ־שען.

ערגער ווי בהמות, זענען אונזערע שוועסטער און ברידער, פון די דייטשע נאצים אין פארמאכטע פראכט־וואגאָנען אריינגעוואָרפען און פארשפארט געוואָרען, אוועקגעפירט ווייט פון א ישוב, אינמיטען שנייאיגע פראָסטיגע

פעלדער זענען די אונבאהייצטע פון דיקע ברעטער צוזאמענגעקלאפּטע פּראכט־וואגאָנען פון דרויסען אזוי פארשלאָסען און פארזינעלט, אז קיין לעבעדיגער נפש האָט ניט געקענט ארויס אָדער אריין, זייערע יאָמערען און קרעכצען פון הונגער און קעלט, איז צווישען זיי דערשטיקט געוואָרען, פון קיינעם ניט צוגע־הערט געוואָרען, געמאטערט פון הונגער און קעלט זענען זיי גרוי, משוגע, גע־שוואָלען געוואָרען, האָבען פארלוירען די מענשלאַכע צורה, געשטאָרבען א פיינ־לעך לאנגזאמען טויט. פאר די אויגען פון טאטעס, מאמעס, און קינדער לינען די אָבגעשטאָרבענע נאָענטע און ליבסטע, אינאיינעם צונויפגעפּרעסט מיט די לעבען פארבליבענע.

טויזענטער אידישע פרויען און מענער, זקנים און קינדער, אנטלאָפענע פון די גהינום'דיגע נאצי רדיפות, האלב־נאקעטע, קראנקע, הונגעריגע און פארצווייפעלטע האָבען געוואנדערט אָהן א ציעל, אליין ניט וויסענדיג וואוהין זענען געלאָפען אויף די פרייע פעלדער, צווישען שניי און פראָסט און ניט געפונען אין ערגעץ ניט קיין אָנשפּאר פאר זייערע צופאסעוועטע און פארוואונ־דעטע גופים און אנטגעהן אין יסורים אויפן בלאָנדזשענדען וואנדערונגס־וועג.

און טויט־שטיל איז געוועזען די וועלט, ניט געוואָרען פון דעם אויפגע־טרייסעלט, ניט געמאכט זיך וויסען, קיין וואָרט פון פּראָטעסט האָט זיך ניט געהערט. א שטומעניש האָט די וועלט איינגענומען.

האָט די וועלט זייט איר עקזיסטענץ שוין צוגעזעהן אזעלכע שוידער־לאכע בילדער פון מענשלאכע צרות, מאטערנישען, יסורים און פּיין אויף אזא שרעקלאך גרויסען מאסשטאב?

נאָך ערגער ווי סטאדעס הינט, זענען טויזענטער אידען געטריבען גע־וואָרען פון איין פּלאץ צום צווייטען, פון איין גרענעץ צו דער צווייטער, הונ־געריגע, נאקעטע און באָרוויסע צובלוטיגטע און צוקאטעוועטע זענען זיי פון די נאצי אכזר'ים בלוטיגע בייטש געשלאָגען געוואָרען מכת־רצח געטריבען אין זומפּיגע געגענדען און דערטרינקען אין טיפע בלאָטעס.

אין אונזער בלוטיג פורעניות'דיגע מארטיראָלאָגיע האָבען מיר פארציי־כענט כל'ערליי פּייניגונגען און נגישות, אונטער די שווערסטע בלוטיגסטע באַ־דינגונגען אין פארשידענע לענדער, האָבען מיר שוין געלעבט, דאָס ערשטע

מאָל וועט אונזער געשיכטע פארצייכענען דאָס „לעבען" פון אונזערע שוועס־טער אוןברידער אין א ניי לאַנד, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט פאר אונז געשאפען — אין „קיינעמס־לאנד".

אָנרופען „קיינעמס־לאנד" איז ניט גענוג. אפילו דאנטע — דער גרעס־טער גיהנום אויסטראכטער האָט אזא גיהנום, אזא יאָמער טאָל, אזא טויטענ־טאָל ניט געקענט אויסטראכטן.

טויזענטער פון אונזערע שוועסטער און ברידער אין דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואקיע און פוילען זיינען פון דאָס „נאָבעלע" דייטשע פאָלק פאר־אורטיילט געוואָרען צו א פאמעלעכען טויט דורך הונגער און עפידעמיעס און האָבען קיין אנדערע ברירה ניט, ווי צו זיצן אוןווארטן ביז זייערע נשמות וועלען פון זיי ארויסגעהן.

יעדער טאָג ברענגט אונז נייע ידיעות פון די בלוטיגע נאצי־לאפּע וואָס כאפּט, יעדע שעה ארום האַלז א נייעם אידישען קיבוץ דערשטיקט און דער־ווערגט אים צום טויט, אָהן רחמנות, אָהן דין און משפט און לית דין ולית דין, קיינער שטערט זיי ניט, קיינער זאָגט גאָר ניט, די גאנצע וועלט איז שטום בלינד און טויב געוואָרן.

ווי נעמט מען א מקונן ווי ירמיהו־הנביא זאָל אויסקלאָגען אונזער חורבן און בראָך, אין וואָס פאר אן אומגליקלאך חורבנ׳דיגע צייט לעבען מיר און וואָס פאר א פינסטערען גורל זענען מיר געבוירען געוואָרען.

געוועזן צייטען אין מיטעלאלטער ווען מיר זענען פון אַלעם בארויבט גע־וואָרען און פון לאַנד ארויסגעטריבען געוואָרען, זענען אנדערע וועלט טיילען געווען אָפען פאר אונז. הגם אויך אין יענע לענדער, זענען מיר קיין צו גרויסע אָנגעלייגטע אורחים ניט געווען איז דאָך דער פונק פון רחמנות און מיטלייד אין אנדערע וועלט טיילען אינגאנצען ניט געווען אויסגעלאָשען, עס זענען גע־ווען טיילען וואו די גע׳רודפ׳טע אידען איז דערלויבט געוואָרען צו טרעטען, מען האָט די גאנצע ערד פון אונטער די פיס פון די פארפאָלגטע ניט אוועק־גענומען. מען האָט זיי אינגאנצן ניט ארונטערגעטריבען פון דער ערד, מאנכע לענדער האָבען אָפען געהאלטען די טירען פון זייערע לענדער פאר די געיאָגטע און געפלאָגטע — האָט מען אונז איבערגעיאָגט פון איין פּלאץ צום צווייטען, פון איין לאנד צום צווייטען.

דאָס איז געווען אין מיטעלאלטער אין דער צייט פון פינסטערניש — און היינט?

אז דער אוראלטער הונען גייסט אין דייטשלאנד האָט אויפגעלעבט, ווי דער אשמדאי פון גיהנום ארויס מיט זיינע מחבלים, האָבען זיך די יורשים פון זייערע ווילדע אורעלטערען, דאָס דייטשע פאָלק, מיט טייוואלישע אינווענציע ארויסגעלאָזט זיך צו פארניכטען די וועלט ציוויליזאציע, היות, מיר אידען האָבען צו דער דאָזיגער וועלט ציוויליזאציע, לויט אונזער פראָפּאָרציע אלס פאָלק מעהר בייגעשטייערט ווי אנדערע פעלקער, האָבען די הונען קינדער, ראשית באשלאָסען אונז עוקר צו זיין. לייזען די אידען פראגע, ניט ווי די אויטאָקראטען פון מיטעלאלטער — פארשליסען און אָבטיילען אונז אין באַזונדערע געטאָס נאָר אויסוואָרצלען אונז פון הונדערטער דורות יאָרען אלט באזעסענע היימען, אוועקנעמען דאָס לעצטע העמד פון לייב, אויסהונגערען, פארפייניגען און דערמאָרדען. ווערען אידען הפקר'דיג מיט די ווילדסטע אכזריות געיאָגט און געטריבען פון איין פּלאץ צו א צווייט, גרייכען זייערע יללות געוויינען און געשרייען אונטערן הימעל און די גאנצע ציוויליזירטע וועלט וועלכע היטלער מיט זיינע נאַצים שטרעבען צו פארניכטען און אומברענגען איז פארגליווערט צו אונזערע געשרייען, קיין לאנד האָט זיך ניט אָנגעבאָטען די שוצלאָזע און געטריבענע צו געבען זיי א פּלאץ אין זייער מדינה, אויף דער גאנצער ערד איז ניטאָ קיין פּלאץ פאר זייערט וועגען.

ווערען נייע שטיקער וועלט טיילען פון די גיהנום משחיתים אָנגעצונדען, מיר ווערען פארגרוילט, פארבלוטיגט, פאר'שרפה'ט און פאר'גיהנום'ט און די וועלט האָט פארשפּארט טיר און טויער פאר אונז, מיר זאָלען ניט קאָנען ארויסלויפען פון די פלאמען.

פאר דעם איינציגען חטא, אז זיי זענען אידען, זענען מענער און פרויען, אלטע און קראנקע, אינמיטען נאכט ארויסגענומען געוואָרען פון זייערע בעטען, געקאטעוועט ביז בלוט, לעבעדיגע שטיקער פון זיי געריסען, ארויפגעוואָרפען אויף לאסט אטאָמאָבילען, ווי קויטיגע פעקלאך סחורה, צוקאליעטשעטע און צע'מזיק'טע זענען זיי, פון די לאסט־אויטאָמאָבילן אויף אלטע צעבראָכענע שיפען אין דייטשע פּאָרטען ארונטערגעוואָרפען און אוועקגעפיהרט אינמיטען ים אריין.

דערפאר ווייל זיי זענען געבוירען געוואָרען אידען, זענען אומשולדיגע קליינע אידישע קינדערלאך און פיצלעך אידישע עופה'לאך, פון די „איידעלע"

דייטשע קינדער פון דאָס פילאָזאָפיש־מוזיקאַליש, דיכטעריש, פּאָעטיש פאָלק, פון זייערע עלטערענס הענט מיט ווילדע סאַדיסטישע רציחה ארויסגעריסען נע־וואָרען פאַר די עלטערענס אויגען זענען זיי פארקריפּעלט געוואָרען, הענטלאך און פיסלאך ביי זיי אויסגעלינקט און צובראָכען, צייהנדלאך אויסגעזעצט, די אויגען אונטערגעהאקט און מיט די צופּענטע בלוטיגע וואונדען זענען זיי פון הויכע לאסט אטאָמאָבילן אויפן דעק פון שלעפּ־שיף ארונטערגעוואָרפען געוואָרען און געטריבען אין ים אריין.

שווימען די שיפען אין ים. בלאָנדזשען ארום די טיפע וואסערען, געטרי־בען פון האפען צו האפען ווערען זיי אין ערגעץ ניט אריינגעלאָזען. שלעפען זיך די שיפען וואָכען און חדשים צווישען הימעל און וואסער מיט די פון דער וועלט ארויסגעוואָרפענע און פון דער ערד ארונטערגעטריבענע מענער און פרויען און קליינע קינדער און עופה׳לאך. זענען עפּידעמיעס און זעלבסטמאָר־דען אויף די שיפען אויסגעבראָכען. מיט צוברויזטע ווילדע רוגזה האָט גע־שטורמט דער ים פון די פארצווייפעלטע יללות און גסיסה כאָרכלען פון די צופּייניגטע און צו׳מזיק׳טע פון דער וועלט ארויסגעשפּיגענע. ארונטערוואָרפען וויל פון זיך דער ים די גרויליגע תפיסה־שיפען מיט די צוזאמענגעפּאקטע מענשלאכע יסורים און שוידערלאכע מאטערנישען וואָס דאָס פאָלק פון געטע, קאַנט און לעסינג, האָבען אויף זיין אונענדלאך וואסער אויבערפלאך ארויפגע־וואָרפען. ניט טראָגען וויל אויף זיך דער ים די „קיינעמס־שיפען, — די טוי־טע פינסטערע וואסער קאַמערען, די גרעסטע שאנד און געמיינסטען פארברעכען זייט דער וועלט באשאף וואָס די קינדער פון „שעפערישען דייטשען גייסט" האָבען אויף אים ארויפגעשליידערט. ווי שפּיעלצייג זענען די שיפען פון די שניי ווייסע־בערג־כוואַליעס מיט צאָרן געשליידערט געוואָרען און די וועלט — האָט די אויגען פארמאכט און די אויערען פארשטאָפּט, ניט צו זען און הע־רען דעם יאָמער וואָס טראָגט זיך פון ים און ברייטע וואסערען. פעסטער האָבען לענדער, זייערע טירען פארשלאָסען און פארזיגעלט, די שווימענדע תפיסה שיפען זאָלען זייערע ברעגען ניט גרייכען און די אומגליקלאכע אויף די שיפען זאָלען דורך די קלענסטע שפּארע אין לאנד זיך ניט קענען אריינכאפּען.

אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט, האָט נאָך אזעלכעס ניט פּאסירט אז מענשען זאָלען אזוי אונ׳ברחמנות׳דיג גרויזאם באהאנדעלט ווערען.

פאַר וואָס האָט די וועלט פארריגעלט טיר און טויער פאַר אונז און גע־לאָזט אונז ווי א סטאַדע שאָף, וואָס ווערט אָפּגעשלאָסען אין א שלאכט־הויז?

פינסטער איז אונזער לעבען, אויסגעלאָשען געוואָרען זענען אונזערע האָפנונגען און הערלאכע פארשפּרעכונגען. אין א מיאוס'ע חיה'שע וועלט לעבען מיר. נאָך קיינמאָל ווי איצט האָט די דינגענרירטע זומפּיג אין בלוט און רציחה איינגעטונקענע וועלט געניוויטיגט זיך אין א פייערדיג מוכיח'דיגען נביא, וועמעס שטראָף רייד זאָל די וועלט אויפטרייסלען, די וועלט זאָל די אויגען עפענען און ארומזעהן זיך דעם גרויסען וועלט חורבן און אומגליקלאכען בראָך, וואָס די ארישע סופּער־בעסטיע האָט געבראכט אויף דער וועלט.

די ציעללאָזע ארומשווימענדע שיפען אויף די ימים און ברייטע וואסערען, מיט די פון דער וועלט ארויסגעוואָרפענע, הילפסלאָזע, שוצלאָזע און אומגליקלאכע אידישע מענער, פרויען, און קינדער, האָט די וועלט צוריקגעבראכט צום תהו־ובהו פון פאר מעשה־בראשית.

די הימעל שפּאלטענדע געוויינען און געשרייען פון די פארוואונדעטע, צובלוטיגטע אין יסורים אנטגעהענדע אין די וואָגלענדע שיפען אויף די שבעה־ימים אין טיפע וואסערען, וואָס זענען אין ערגעץ אין קיין לאנד ניט אריינגעלאָזען געוואָרען — זענען וועה געשרייען, ניט בלויז אויף דעם פינסטערען צוריק־קער צום גרויען מיטעלאלטער אין דייטשלאנד נאָר אויף דעם צוזאמענבראָך און פינסטערען חורבן פון דער גאנצער מענשלאכער ציוויליזאציע.



נאָענט פון פיר הונדערט יאָר, האָט די פאַרווילדעטע רייך געבענטשטע ערד אין אַמעריקע געוואַרט, שיפען זאָלען געהן אויפן ים און מענשען זאָלען צו איר קומען; אַרונטערשניידען די אָנגעוואַקסענע פאַרווילדונג, עפענען אירע באַהאַלטענע רייכטימער, שפּייזען און זעטיגען זיך פון דעם ריזיג גרויסען פרוכטבאַרען פאַרמעגען וואָס איז פאַראַן אין איר אינגעווייד.

נאָענט פון פיר הונדערט יאָר, זענען די קאָלאָסאַל אונערשעפּלאַכע נאַטור אוצרות אין דער אַמעריקאַנער ערד געלעגען באַהאַלטען; די גרויסע רחבות'דיגע פעלדער וועלכע האָבען פאַרמאָגט אין זיך עסענוואַרג די גאַנצע וועלט צו שפּייזען זענען וויסט און מדבר'דיג געלעגען.

און דערוואַרט האָט זיך די אַמעריקאַנער ערד. שיפען האָבען אָנגעהויבען געהן אויפן ים און מענשען האָבען אָנגעהויבען קומען. אַ נייע וועלט האָט אָנגעהויבען זיך פאַרמירען. די אינטעליגענסיווסטע בעסטע יוגענט, די מוטיגסטע און שעפערישסטע האָבען די שיפען אויפן ים פון דער אַלטער וועלט, צו דער נייער אָנגעהויבען פירען.

פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע, באַרויבטע און פאַרצווייפעלטע אין דער אַלטער וועלט, האָבען זייערע לעצטע ביסעל כחות צוזאַמענגענומען, זייערע צובראָכענע לענדען אונטערגעגאַרטעלט און מיט אויפטליענדע האָפנונג אין זייערע הערצער אויף שיפען געזעצט זיך, אויף די שטורמדיגע ים כוואַליעס וואָכען און חדשים געוויגט זיך צו גרייכען די נייע וועלט פון נייע האָפנונגען.

איז פונם בלוט און מאַרך פון דער אַלטער וועלט, אַ נייע יונגע וועלט ענטשטאַנען. אַ וויסטע פאַרווילדעטע מדבר איז אין אַ גן-עדן פאַרוואַנדעלט געוואָרען. די אַלטקייט, די שוואַכקייט, די פאַרקנעכטונג, אונטערדריקונג, אַלע איבלען און דער גאַנצער עלענד פון דער מענשהייט וואָס האָט במשך פון דורות זיך געהאַט אָנגעזאַמעלט — דאָס אַלעס האָבען די מענשען וואָס זענען געפאָרען אין דער נייער וועלט אין דער אַלטער וועלט איבערגעלאָזט. יונגע קרעפטיגע מענשען, אַנטלאָפען פון פינסטערען אייראָפּייאישען דעספּאָטיזים און יעזואיטישען קלעריקאַליזם, מיט אַמביציעזע אונטערנעמערישע כחות, מיט דינאַמישע פעהיגקייטען, אונערשעפּלאַכע ענערגיע וואָס זענען פון דער אַלטער וועלט, ווי בשעת אַ שרפה מיטן בלויזען העמד אויפן לייב אַנטלאָפען,

מיט אן אייזערנעם רצון א נײ לעבען אויפצובויען אין א נײ לאנד, האָבען די שיפען פון דער אלטער וועלט צו דער נײ ענטדעקטער וועלט געפירט.

האָבען די אָנגעקומענע מענשען אין דער נייער וועלט, אינגאנצן אַן אנדער לעבען, ווי דאָס לעבען אין דער אלטער וועלט אָנגעהויבען בויען. מיט זייערע דערפארונגען פון דער אלטער וועלט האָבען זײ דעם הויפּט פּרינציפּ פאר דער נייער וועלט אוועקגעשטעלט: **מענשלאַכע פרייהייט** — א פּרינציפּ וואָס איז אלס כולל קיין פארצוימונגען זאָלען פארן אינדיווידועל ניט געמאכט ווערען. יעדער מענש זאָל דענקען, אויפפירען זיך און לעבען לויט זיין רצון ווי אים געפעלט. הויפּטזעכלאך אָבער זאָל די נייע וועלט תמיד פארבלייבען פריי אָפען און דינען פאר א שטענדיגען מקום מקלט פאר גע'רודפ'טע און פארפאָלגטע, פאר אומגליקלאכע און אנטרונענע פון דער אלטער וועלט.

און ווען שיפען האָבען אָנגעהויבען הונדערטער און טויזענטער מענשען פון דער אלטער וועלט אין דער נייער וועלט אריינצוברענגען, האָט דאָס נייע לאנד מיט אויסגעשפרייטע אָפענע אָרעמס זײ אריינגענומען. געגעבען זײ די ברייטסטע מעגלאכקייטען צו ענטוויקלען און אויסנוצען זייער טאלאנט, ענער־גיע און שעפערישקייט, בויען זייער היים לויט זייער באגריף און לעבען לויט זייער איבערצייגונג, אמונה און אנשויאונג, דורך דעם איז דאָס נייע לאנד, דאָס באריממטסטע לאנד אויף דער גאנצער ערד געוואָרען און צוליב דעם שפּע־טער רייך, שטארק און מעכטיג געוואָרען.

אז דאָס נייע לאנד, האָט אויף די אייגענע פיס געשטעלט זיך, דורך בלו־טיגען קאמף און קרבנות באפרייט זיך פון דער אלטער וועלטס פּראָטעקטאָ־ראט, וואָס האָט א צייט פון יאָרען, די פארשימעלט שווארץ רעאקציאָנערע און אויטאָקראטישע האנט אויפן נייעם לאנד געהאט ארויפגעלייגט. זעלבטשטענדיג, אינגאנצען אָבהענגיג איז דאָס לאנד פאר זיך געוואָרען. אין לאנד און פאר דער גאנצער וועלט איז פּראָקלאמירט געוואָרען די „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענ־דענס", האָבען די פּיאָנערען, גרינדער און קעמפּער פאר דעם נייעם לאנד אין דער לאנדס־קאָנסטיטוציע ניט פארגעסען אריינצושרייבען איינע פון די ערשטע פּונקטען: אז דאָס נייע לאנד פון פרייהייט, פארבלייבט תמיד א מקום־מקלט פאר די אונטערדריקטע פון יעדע נאציאָן, פאר די גע'רודפ'טע און פארפאָלגטע פון דער אלטער וועלט.

ווי כוואליעס וואסער אויפן ים האָבען די מענשלאכע פּליטים געטראָגען זיך פון אלע ווינקלען אין דער וועלט, צו די ברעגען פונם נײ אָפענעם פריי־

הייטס לאנד. די פאַרוואָרצעלטע ברייטהאַרציגע מענשלאַכע באַציאונג צו ניי אָנגעקומענע איז אין דעם נייעם לאַנד, די שענסטע און גרעסטע טראַדיציע געוואָרען.

היסטאָריש מיט גאָלדענע אותיות איז אין דער געשיכטע פאַרצייכענט די פּראָקלאַמאַציע פון ערשטען פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אין טאָג פון דאַנק, „טענקסגיווינג־דעי", ווען די ער־שטע פּיאָנערען פון דעם נייעם לאַנד האָבען גאָט געדאַנקט, וואָס האָט זיי געראַטעוועט פון דעמאָלט, פּונקט ווי היינט, צעווילדעוועטע חיה'ש אויפגע־רייצטע איירעפּאַ און געפירט זיי אין דעם נייעם לאַנד — „אַז אַמעריקאַ מוז תמיד פאַרבלייבען אַ פרייע אַנטרינונגס פּלאַץ פאַר די אַנטלאָפענע און אומ־גליקלאַכע פון אַנדערע לענדער.

מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער, האָט איינער פון די טאַטעס פון דער אַמערי־קאַנער קאָנסטיטוציע און שפּעטערדיגער פּרעזידענט פון אַמעריקאַ, טאָמאַס דזשעפערסאָן בעת זיין איינשוועררונגס רעדע פאַרן איבערנעמען דעם פּרעזי־דענט אַמט פייערלעך דערקלערט: „אונזער לאַנד וועט קיינמאָל ניט אָפּזאָגען פון אַרויסווייזען צו אומגליקלאַכע פּליטים פון נויט, אָט יענע גאַסטפריינד־שאַפט, וואָס אפילו די ווילדע האָבען אַרויסגעוויזען צו אונזערע טאַטעס בעת זיי זענען אָנגעקומען אַ הער. די אונטערדריקטע מענשהייט מוז אין איינציגען מקום מקלט אויפן גאַנצען ערד־קוגעל האָבען.

זענען שיפען געגאַנגען אויפן ים מיט זייער ליכט דורכגעלויכטען די דיקע צווישען הימעל און וואַסער פינסטערניש, האָבען געפירט פאַרפאָלגטע און אונ־טערדריקטע מענשען פון דער אַלטער וועלט. האָבען די אָנגעקומענע באַרייכערט, געמאַכט אַמעריקאַ פאַר דאָס גרויסע מעכטיגע לאַנד אויף דער וועלט און די אימיגראַנטען וואָס זענען פון דער אַלטער וועלט פאַר פאַרברעכער באַצייכענט געוואָרען און זענען אין דעם נייעם לאַנד אַנטלאָפען, זענען שפּעטער דער שטאָלץ און דער שפּיגעל פון דער מדינה געוואָרען.

האָט דאָס נייע לאַנד גרויס און ברייט זיך צעוואַקסען. מערער אימיגראַנ־טען זענען אַריינגעקומען, גרעסער איז די שפע און ברכה אין לאַנד געוואָ־רען. מערער שיפען מיט וואָגלער און אַנטלאָפענע פון דער אַלטער וועלט האָבען די ברעגען פון נייעם לאַנד געגרייכט, אַלץ קרעפטיגער, מיט פרישע יוגענדלאַכע ענערגיע, רייכער און שטאַרקער איז דאָס נייע לאַנד געוואָרען.

אז צעבליט און צעוואקסען האָט זיך דאָס לאנד און מענשען האָבען אונ־אויפהערלאך ווי וואסער כוואליעס געהאלטען אין לאנד אריינשטראָמען, האָ־בען די געבוירענע קינדער פון די נעכטיגע אימיגראנטען וועמענס עלטערען זענען אנטלאָפען פון די פארפאָלגונגען און אונטערדריקונג אין דעם פון גאָט פאר זיי צוגעשיקטע נייעם לאנד אָנגעהויבען קאָפּירען די מעטאָדען פון דער אלטער וועלט. פון דער גרעסטער ברכה אין לאנד א קללה מאכען. די איינגע־פונדעוועטע ירושה פון זייערע אורעלטערען און די שענסטע טראדיציע פון לאנד האָבען זיי פארוואָרפען. טיר און טויער האָבען זיי ביי די ברעגען פון לאנד אָנגעהויבען אויסבויען. לכתחילה צו איינציגע שלעסער אויף זיי אויפגע־האָנגען, איינציגווייז האָבען זיי א שלאָס נאָך שלאָס, א ריגעל אין א ריגעל אויף די טויערען פון לאנד אנגעטאָן, ביז דאָס נייע לאנד איז כמעט ווי אינ־גאנצען אָבגעשלאָסען און פארריגעלט געוואָרען פאר די פארפאָלגטע און אנט־לאָפענע פון דער אלטער וועלט.

און פאסירט האָט אז די אלטע וועלט איז פון דרך הישר ארונטער, איז פלוצים משוגע געוואָרען, מענשען האָבען זייער צלם אלקים פארלאָרען, זענען אין צוויי פיסיגע חיות פארוואנדעלט געוואָרען. רעכט, יושר, מענשלאכקייט, רחמנות איז אינגאנצען פון דער וועלט אויסגעמעקט געוואָרען. אונמאָראלישע, אונמענשלאכע טאטען זענען טוגענדען געוואָרען. פינסטער, חושך ואפלה איז אין דער אלטער וועלט געוואָרען. מענשען זענען ווי ווערים צעטראטען גע־וואָרען. און מענשלאך לעבען, איז פריי הפקר'דיג געוואָרען.

האָבען צופייניגטע, דערשלאָגענע, פארוואונדעטע און צוקאלעטשעטע מענשען מיט זייערע לעצטע כחות צו ים ברעגען דערשלעפט זיך. פונקט ווי א מאָל, מיט עטלאכע הונדערט יאָר צוריק האָבען די פארפאָלגטע, אנטלאָפענע פון טויט־געפאר רעטונג ביי די ים־פּאָרטען געזוכט. און גליקלאך זענען געווען יענע אָרימע נאַקעטע און באָרוויסע וועמען ס'איז געלונגען פון העליש פלאמיג אייראָפּייאישען גהינום צו אנטלויפען, אויף שיפען ארויפזעצען זיך, דעם ים דורכשווימען און געפונען א מקום מקלט פאר זייערע צוואונדעטע צוועהטאג־טע גופים און צובלוטיגטע פארקריפעלטע פיס אויף רוהיגען באָדען אוועק־שטעלען.

איז געלונגען מער פון נייען הונדערט מענשען, מענער פרויען און קינ־דער פון דעם פלאקערדיג צענטראלען גיהנום אין פערוואנדעלטע דזשאָנגאָ־

לישע מדינה דייטשלאנד קוים מיט דעם לעבען זיך ארויסצוכאפען. נאָך דעם ווי זיי האָבען די שבעה מדורי אריש־דייטש הוניש־ווילד סאדיסטישע פייניגונ־גען און גרוילאכע יסורים דורכגעמאכט, פאר'גיהנומ'ט און פאר'שרפה'ט גע־וואָרען, האָבען זיי א דערלויבעניש פון די קובאנער רעגירונג געקראָגען אין קובא אריינצוקומען.

האָבען די איבער ניין הונדערט מענשען דאָס לעצטע העמד פון זיך אוועקגעגעבען, אויף א שיף מיטן נאָמען „סט. לואיס" זיך צוזאמענגעפאקט. צובייליטע, צו'מזיק'טע אָרימע, נאקעטע און באָרוויסע שאָטענס פון מענשען וועמען ס'איז געלונגען בלויז די נשמות פון דעם חיה'ש רוצח'יש בלוטיגען דייטשען גהינום צו ראטעווען, האָבן זיך דעם ים אָפגעגעבען און מיט אויס־טליענדע פונקען פון האָפנונג אין זייערע חולה־מסוכנה'דיגע גופים זענען זיי אין דעם נייעם לאנד געפאָרען.

איבער נאכט איז אָבער דאָס הארץ פון קובאנער פרעזידענט מיט זיינע יועצים צום שלעכטען איבערגעקערט געוואָרען. נאָך דעם ווי די דערלויבעניש איז די אומגליקלאכע אויף די „סט. לואיס" געגעבען געוואָרען אין לאנד אריינצופאָרען, האָט דער פרעזידענט מיט זיינע יועצים חרטה באקומען אויף דעם מענשלאכען טאַט. א פלוצלים'דיגע רשעות איז זיי באפאלען, זייערע הער־צער זענען פארשטיינערט געוואָרען, דאָס רחמנות געפיל און ביסעל יושר וואָס זיי האָבען פארמאָגט איז פון זיי אויסגעוועפט געוואָרען און נאָך איידער די שיף האָט די קובאנער ברעגען געגרייכט האָט דער קובאנער פרעזידענט א באפעל געגעבען די אומגליקלאכע שאָטענס פון מענשען זאָל ניט דערלויבט ווערען דעם קובאנער באָדען צו באטרעטען.

איז די „סט. לואיס" טעג און נעכט ציעללאָז אויפן ים ארומגעשווימען, ארומגעבלאָנקט זיך אין די וואסערען ארום די קובאנער ברעגען, געשווימען הין און צוריק, געהאָפט אז דעם פרעזידענטס הארץ מיט זיינע יועצים וועלן ווייכער ווערען, וועלען רחמנות האָבען אויף די שוידערלאָך געפייניגטע און הילפסלאָזע היימלאָזע פרויען און קינדער, וועלען באפעלען אוועקצונעמען די באוואָפענטע שומרים פון די קובאנער ים־ברעגען און דערלויבען זיי צו בא־טרעטען די קובאנער ערד — ראטעווען זיי פון אויסצושטארבען פון די אויס־געבראָכענע עפידעמיעס און חולאת'ן וואָס האָט זיך צווישען די פאסאזשירען אויף דער „סט. לואיס" אריינגעכאפט.

האָבען די אמעריקאנער אידישע אָרגאניזאציעס אונטערגעהאנדעלט מיט די קובאַנער רעגירונג צו דערלויבען די איבער ניין הונדערט אידישע מענער פרויען און קינדער פון דער „סט. לואיס" צו לאנדען. א הויכען געלד פרייז האָט די קובאנער רעגירונג געפאָדערט פאר יעדער אידישען קאָפּ און ווען די אידישע אָרגאניזאציעס האָבען איינגעוויליגט צו באַצאָלען דעם געפאָדערט פּיראטישען פּרייז האָט די קובאנער רעגירונג, קאלטבלוטיג גזלנ'יש בארמ־הארצלאָז מיט פארשטיינערטען ברוטאליזם מיט איינמאָל אָן א פאר וואָס אָבגעהאקט די פארהאנדלונגען און חרטה געקראָגען אויף דעם גאנצען עסק.

וועט די גרויזאם שוידערלאכע באהאנדלונג פון די „סט. לואיס" מיט די איבער ניין הונדערט פּאסאזשירען וועלכע האָבען אין די שרעקלאכסטע פאר־צווייפלונג מיט הארצברעכענדע יללות אין די טויערען פון קובאַ געקלאַפּט, רחמים געבעטען מען זאָל זיי אין לאנד ארייַנלאָזען און דער געלד האנדעל ארום זיי וואָס איז געווען רויבערישער ווי פּיראטען האָבען אין מיטעלאלטער גע־האנדעלט — אן אייביגע שאנד־פלעק אין דער געשיכטע פון קובאַ פארבלייבען. קיינמאָל וועט קובאַ זיך ניט קענען ריינוואשען אָדער פארענטפערען פאר דעם גרעסטען אומענשלאך גרויזאמען פארברעכען אין די געשיכטע אלס לאנד.

נאָך גרעסער פאר די צוקונפטיגע דורות וועט פארן קובאנער פאָלק זיין די שאנד און פארברעכען פון דעם פּרעזידענט מיט זיינע יועצים וואָס האָבען ארויסגעוויזען אזא קאלטען אכזריות צו שוואכע און קראנקע פרויען און קינ־דער וואָס זיי האָבען אין לאנד און פאר דער וועלט פרעטענדירט פאר ליבע־ראלען און האָבען זייערע גרויזאמע האנדלונג בארעכטיגט אלס דער אויסדרוק אין ווילען פון דאָס ליבעראלע קובאַנער פאָלק.

מיט אָנגעשטעלטע ביקסען סטראשענדיג צו שיסען אין די אומגליקלאך פאר'חלש'טע אידישע פרויען און קינדער האָבען די קובאנער פון קאָפּ ביז די פיס באוואָפענטע סאָלדאטען ווי אין קאמף געגען א געפערלאכען שונא אויפן באפעל פון זייער „ליבעראלען" פרעזידענט געצוואונגען די „סט. לואיס" צו דערווייטערען זיך פון די קובאַנער ברעגען און אוועקשווימען אין די ברייטע וואסערען.

האָט די שיף געלאָזט זיך שווימען נענטער צו די אמעריקאנער ברעגען, צו דעם לאנד וואָס האָט פיר הונדערט יאָר געוואָרט שיפען מיט מענשען זאָלען גרייכען איהרע ברעגען. דאָס לאנד וואָס איז אויפגעבויט רייך, שטארק און

מעכטיג געוואָרען פון אזעלכע גע'רודפ'טע און פארפאָלגטע ווי די אימיגראַנ־טען פון די „סט. לואיס". דאָס לאַנד וועמענס יסוד פון מענשלאַכע פרייהייט איז פון די ערשטע פיאָנערען טיף אין דער ערד פאַרוואָרצעלט געוואָרען, און דער פרינציפ פון אן עיר־מקלט פאר פארפאָלגטע און אנטלאָפענע פון אנדערע לענדער איז דער ערשטער פונקט און דער גרונדשטיין פון דער קאָנסטיטוציע.

דערוואַכטע האָפנונגען און פארשטאַרקטע דערמוטיגונגען האָט זיך צו־טליעט אין די אָבגעטויטע הערצער און אויסגעלאָשענע אויגען פון די אומגליק־לאַכע אויף דער „סט. לואיס". פון דעם לאַנד פון פרייהייט און פאַרוואָרצעלטע הומאַניטאַרע באַציהונג צו פארפאָלגטע פון דער אלטער וועלט, וועט מען זיי ניט צוריקשיקען. מען וועט אויף זיי רחמנות האָבען. ראטעווען זיי פון צוריקגעשיקט ווערען צו די ווילדע בעסטישע נאַצי־תלינים. אמעריקא וועט דערהערען זייער יאָמער און געשריי, וועט זיך ניט אָפּזאָגען פון ארויסווייזען צו די אומגליקלאַכע, אָט יענע גאַסט פריינדשאַפט וואָס די ווילדע אינדיאַנער האָבען צו די אורעלטערען, די ערשטע פיאָנערען ארויסגעוויזען, בשעת זיי זענען אנטלאָפען פון דער דאַמאָלט חיה'ש אויפגערייצטער אייראָפּא. זייער טראַגעדיע און בראָך וואָס איז אזוי ווי דער ים גרויס, וועט געפונען א וואַרי־מען אָפּרוף אין די הערצער פון דעם ליבעראַל דעמאָקראַטיש פאָלק ווי דער רחמנות געפיל צו די אומגליקלאַכע ליידענדע געפינט תמיד א וואַרעמען לעבע־דיגען אָבקלאַנג, — ניין, פון די אמעריקאַנער ברעגען וועט מען זיי ניט צו־ריקשיקען.

וואָס שייך אימיגראַציאָנס געזעצען, קוואָטא, לעגאַליטעט — וועט נאָר די „סט. לואיס" דערנענטערען זיך צו די אמעריקאַנער ברעגען, וועט דאָס אמעריקאַנער פאָלק און די אמעריקאַנער רעגירונג געפונען וועגען אריינצולאָ־זען די אומגליקלאַכע פון די „סט. לואיס". בעת מענשען טרינקען זיך אין ים, איז שייך צו טראַכטען וועגען גרענעץ. קודם כל ראטעווען מען די טרינקענדע. ניין, אמעריקע וועט ניט דערלאָזען די „סט. לואיס" צוריק ארומבלאָנדזשען אין ים און ציעללאָז ארומשווימען אין די ברייטע וואַסערען ארום די ברעגען, מען וועט זיי ניט לאָזען אויסשטאַרבען אויף די שיף, באַגעהן זעלבסטמאָרד, אָדער צוריקגעשיקט ווערען צו א זיכער אינקוויזיטאָרישען טויט — מען וועט זיי ראַטעווען!

וואָס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט פון די האָפנונגען און דערוואַרטונגען פון די אומגליקלאַכע אידישע פרויען און קינדער אויף דער „סט. לואיס"

נאָך ערגער ווי מצורעים, ווי פארברעכער, ווי חיות רעות אויף וועלכע מען האָט אויך רחמנות ווען זיי ראנגלען זיך אין יסורים און פיין האָט מען די רייזענדע אויף די „סט. לואיס" באהאנדעלט. נאָנט צו די אמעריקאנער ברעגען האָט מען די שיף ניט צוגעלאָזען אויס מורא טאָמער וועט וועלכער פאסאזשיר שפרינגען אין וואסער דערשווימען צום ברעג אָדער דערטרינקען זיך לעבען ברעג.

די פארצווייפעלטע הילפס־געשרייען און הארצברעכענדען יאָמער פון די אומגליקלאכע אידישע פרויען און קינדער אויף די „סט. לואיס" האָט זיך איבערן גאנצען לאנד געהערט. מען האָט געהערט און געשריבען וועגען זיי. באשריבען זייער לאגע און געשילדערט זייער גרוילאכען פיין. מען האָט אויף זיי רחמנות געהאט אָבער ווי יענער בעל רחמנות, וואָס איז געזעסען אין זיין באקוועמען וואַרימען צימער און געענטפערט דעם הונגעריג דורכגעפרוירענעם אָרימאַן וואָס האָט אין דרויסען רחמים'דיג אין זיין טיר געקלאפט, געבעטען ער זאָל אים אין שטוב ארייננלאָזען ווייל ער ווערט צום טויט דערפרוירען, — אז ער האָט אויף אים רחמנות....

אָט אזוי האָט געהאנדעלט דאָס לאנד פון גערעכטיגקייט. דאָס דעמאָקראַ־טיש־פרייע לאנד וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען פון פארפאָלגטע און גע'רודפ'טע. דאָס לאנד וועמענס קאָנסטיטוציע און דעמאָקראטישע אינסטי־טוציעס מען זאָגט, זענען געשאפען און באגרינדעט אונטער די השפעה פון די ביבלישע עטיק און פרייהייט לאָזונגען און הומאַניטעט.

אָט אזוי האָט געהאנדעלט דאָס נייע לאנד וואָס האָט בעת דער גרינדונג פייערלעך פראָקלאמירט איינעם פון די הויפט־פרינציפען — אז די נייע וועלט זאָל תמיד פארבלייבען פריי אָפען און דינען פאר א שטענדיגען מקום מקלט פאר גע'רודפ'טע און פארפאָלגטע פאר אומגליקלאכע און אנטרונענע פון דער אלטער וועלט; מיט ארויסגעוואָרפענע צושלאָגענע און צוקאליעטשעטע מענ־שען פון צעווילדעוועטען דייטשען גהינום וואָס האָבען ניט וואוהין צו געהן, האָ־בען זיך ניט וואו א היין צו טאָן און האָבען קיינעם ניט אין די וועלט, וואָס זאָל זיך זייער בלוטיגע קריוודע אָננעהמען.

אין עהרען אָנדענקונג פון די פיאָנערען און גרינדער פון אמעריקא האָט באדארפט דערלויבט ווערען די „סט. לואיס" צו לאנדען אירע פאסאזשירען. דאָס וואָלט געווען די גרעסטע דעמאָנסטראטיווע מאַניפעסטאציע פאר דער

וועלט אז די נייע וועלט האַלט זיך פעסט אין דער טראַדיציע פון די שעפער פון די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע צו דינען אַלס מקום מקלט פאַר פאַרפאָלגטע און גע'רודפ'טע פון דער אַלטער וועלט. דאָס וואָלט געווען דער שאַרפסטער פאַר־דאַמונגס פּראָטעסט געגען די אכזריות, מעשים תעתועים, פינסטערען ברו־טאַליזם און באַרבאַרישע באַהאַנדלונג פון דער אַלטער וועלט געגען אונשול־דיגע שוואַכע הילפסלאָזע פרויען און קינדער.

און אפשר — ווער ווייסט וועמען די שיף „סט. לואיס" האָט געפירט? מעגלאַך אַז צווישען די פון דער וועלט אַרויסגעוואָרפענע, געיאָגטע און גע־פּלאָגטע אידישע פרויען און קינדער האָט זיך געפינען אַ צוקונפטיגער וואַ־שינגטאָן, אַ נייער פרענקלין, לינקאָלן, עדיסאָן, שטיינמעץ אָדער איינשטיין?

וואָס פאַר אַ פּנים האָט דער גאַנצער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיזם און לי־בעראַליזם אַז אַזעלכעס האָט געקענט פּאַסירען — די צוריקשיקונג פון די „סט. לואיס" אין דער ווילד חיה'ש צורייצטער איראָפּע?

וואָס פאַר אַ ווערט האָבען די אַלע שעהנע ליבעראַלע רעדעס, הומאַניטאַ־רע און פרייהייטס לאָזונגען אַז אַזאַ הימעל שרייענדער מענשלאַכער אומגליק איז געווען נאָהנט פון די אַמעריקאַנער ים ברעגען, דער יאָמערדיגער געוויין און געבעט פון די געפּייניגטע און נויטליידענדע מען זאָל זיי ראַטעווען פון צוריקגעשיקט ווערען אין איראָפּייאישען גיהנום, מען זאָל פאַר זיי עפענען די טויערען פון לאַנד און זיי אַריינלאָזען האָט זיך געהערט איבערען גאַנצען לאַנד און דער סוף איז געווען אַז מען האָט די שיף מיט די אומגליקלאַכע צו־ריקגעשיקט אין איראָפּייאישען טויטען־טאָל.

איז די „סט. לואיס" ניט געווען איינע פון די מורא'דיגסטע געשעהנישען פון אַלע צייטען, די גרעסטע טראַגעדיע וואָס איז אַ מאָל געווען אויף דער וועלט, ווי אַזוי האָט דאָס דעמאָקראַטיש ליבעראַלע אַמעריקאַנער פאָלק גע־קאָנט אַזוי רוהיג, אַזוי קאַלטבלוטיג עטלאַכע טעג כסדר הערען די הימעל שפּאַלטענדע יללות פון די אין ים טרינקענדע אידישע פרויען און קינדער, וואָס האָבען ביז די אַמעריקאַנער טויערען מיט די לעצטע כחות רחמים גע־בעטען מען זאָל זיי אין לאַנד אַריינלאָזען, ראַטעווען זיי פון צוריקגעשיקט ווע־רען אין העלישען גיהנום אַריין און דאָס פאָלק האָט געשוויגען זיך ניט וויסענ־דיג געמאַכט און דערלאָזט די „סט. לואיס" זאָל צוריקגעשיקט ווערען?

זאגאר יענע הונדערטער טויזענטער ווייכהארציגע אמעריקאנער מענער און פרויען, וואָס זענען אָרגאניזירט אין א ברייט איבער גאנץ אמעריקא פאר־צווייגטע רחמנות אָרגאניזאציע צו שטומע באַשעפענישען, צו הינט, קעץ, פערד, וכדומה — האָבען ניט געלאָזט הערען זייער שטימע פון רחמנות און מיטלייד צו די געפייניגטע און פון יסורים מאַטערדיגע אידישע פרויען און קינדער אויף די שיף „סט. לואיס"?...

די אומגליקלאַכע אידישע פרויען און קינדער אויף די „סט. לואיס" זע־נען געשטאַנען אין די אויגען פון די אמעריקאנער רחמנות אָרגאניזאציע אויף א נידעריגער מדרגה ווי די שטומע באַשעפענישען און האָבען ניט פארדינט פון די הונדערטער טויזענטער רחמנות מיטגלידער די גוטסקייט, ווייכהארציג־קייט און מיטלייד וואָס זיי טראָגען אין די הערצער און ווייזען עפענטלאך ארויס הינט, קעץ און פערד.

מיט דער צוריקשיקונג פון דער סט. לואיס קיין איירָאָפּע האָט אמעריקא פארשעהמט דעם אָנדענקונג פון אירע פּיאָנערען און גרינדער פון דאָס גרויסע רייך מעכטיג אויסגעוואקסענעם לאנד. פארוואָרפען דעם פרינציפּ וואָס די בויער און שעפער פון לאנד האָבען פאר דעם הויפּט־יסוד דאָס לאנד אוועק־געשטעלט — אז די אונטערדריקטע מענשהייט, מוז איין איינציגען מקום מקלט אויף דער ערד האָבען און אז די נייע וועלט, אמעריקא, זאָל תמיד פארבלייבען אן אנטרינונגס פּלאץ פאר פארפאָלגטע און גע'רודפ'טע פון אנדערע לענדער.

אין די שווארצסטע בלעטער פון אונזער געשיכטע וועט פארשריבען ווע־רען דער אומגליקלאכער אינצידענט מיט דער „סט. לואיס וואָס וועט דאָס פרייע לאנד אמעריקע קיין כבוד ניט פארשאפען.

די צוריקשיקונג פון דער „סט. לואיס" קיין איירָאָפּע האָט בולט באַוויזען אז אין דער איצטיגער וועלט איז ניט פארבליבען קיין ברעקעל איינזעהעניש פאר אונז אידען, אפילו ווען מיר ראנגלען זיך מיטן טויט, טרינקען זיך אין ים און אז אלע גע־זעצען און גוטע מידות וועגען באַציהונגען צווישען מענש און מענש, וועגען דעמאָקראטיע, ליבעראליזם, הומאַניטעט, זענען ניט מער ווי טייוואלישער חוק וועלכער קיינער נעמט ניט מער ערנסט.

עלי הספינה! געה אויף די שיף, פיר מיך, טראָג מיך, ווי אויף אָדלער פליגלען צו מיין גרויסען ציל!

אזוי האָט געזונגען דער גרעסטער נאַציאָנאַלער אידישער דיכטער פון מיטעלאַלטער ר' יהודה הלוי — די פון גאָט געקושט פּאָעטישע נשמה, פון וועמענס שירים, ווי היינע זאָגט, דער קלאַנג פון געטליכען קוש הערט זיך.

ווען ר' יהודה הלוי האָט אין זיינע עלטערע יאָרען באַשלאָסען צו פארווירקלאַכען זיין טייערסטען לעבענס־חלום, זיין הייסעסטען וואונש — צו פאָרען אין דעם לאַנד וואו זיין הארץ איז, אין ארץ ישראל — „מיין הארץ איז אין מזרח, אין מערב בין איך". האָט ער זיך געזעצט אויף אן אלטע שיף, איינגעשלאָסען אין אן ענגע פארשטיקטע קאַיוטע, ניט צום זיצען און ניט צום שטעהן, צווישען ווילדע שטורעמס וואָס האָבען די שיף ווי א שפּילצייג גע־שליידערט, פון צווישען די זעגלען האָט דער ווינט געקרעכצט, געוויינט און געקלאָגט און דאָס גרויסע נאַציאָנאַלע אידישע הארץ פון הייליגען דיכטער, האָט מיט געניאַלע הימלישע שירים געברויזט. מיט גלענצענדע וואונדערבאַרע פארבען דעם קאָכעדיגען ים געשילדערט, די מעכטיגע שרעקליכע ווינטען וואָס הויבען בערג הויכע שניי ווייסע שטורעמדיגע כוואַליעס, שליידערן מיט גרימ־צאָרען זיין אלטע שיף און דעם הייליגען דיכטער האָט געשראָקען, אז די שיף וועט ניט געלינגען צו פארפאָרען, דאָרט וואו זיין הארץ איז, אין מזרח. מיט דעם גאנצען פייער פון זיין נשמה האָט ער די שיף געוואָלט שטאַרקען, דער־מוטיגען, אין געראַנגעל מיט די שטורמדיגע בייזע כוואַליעס, פון די טיספטע טיפענישען האָט ער צו די שיף מיט געטליכע התלהבות, מיט פייערדיגען פּאַטאָס אויסגעשריגען:

— עלי, הספינה! געה אויף די שיף, קעמף געגען די ים כוואַליעס, געה ניט אונטער, פיר מיך, ווי אויף אָדלער פליגלען צו מיין גרויסען ציל.

זינט מיר זענען ארויסגעריסען און פארוואָגעלט געוואָרען פון אונזער לאנד. אלעס וואָס מיר האָבען אין די הונדערטער יאָרען דורכגעלעבט און גע־פיהלט, אונזערע קרעכצען, יאָמערען, געוויינען, האָפען, שטרעבען און בענקען פון דער אידישער נשמה און צעבראָכענע אידיש הארץ אין דער פרעמד אין גלות צו אונזער לאנד, האָט דער געטליכער משורר, ר׳ יהודה הלוי, אין זיינע אייביג אונפארגעסלאכע שירי ציון אויסגעגאָסען בעת זיין רייזע אויפן ים קיין ארץ ישראל.

דער בלוי־לויטערער גרונדלאָזער טיפער הימעל האָט זיך אים אויך ווי א ים פאָרגעשטעלט און צווישען דיביידע ימים האָט געשטורעמט און געקאָכט א דריטער ים — דעם דיכטערס הארץ:

צוויי ים׳ן שלאָפען דאָ צוזאמען
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער
איין דריטער ים אינמיטען שלאָפט ניט
מיין הארץ מיט זיינע לידער.

און געברויזט האָט דער דריטער ים, דאָס הארץ פון אונזער הייליג אונפאר־געסליכען דיכטער מיט גליהענדע ציון לידער וואָס זענען פארבליבען אונפאר־גלייכבאר. ווייל אין די שירי־ציון, האָט דער דיכטער ניט בלויז זיינע אייגענע געפילען, בענקשאפט, האָפנונג און שטרעבונג אויסגעדריקט, אין זייער אויס־דרוק הערט זיך דורות אידישע בענקשאפט, שטרעבונג און ציל פון מיליאָנען אידישע הערצער מארבע פינות העולם וואָס זענען געווען און זענען באלעבט פון דעם גרויסען הייליגען אידעאל צו זיין א פאָלק מיט פעלקער גלייך, אויפ־הערען צו זיין אָנגעוויזען אויפן חסד פון די פעלקער פון דער וועלט, ווען זיי ווילען האלטען זיי אונז און ווען זיי ווילען ניט טרייבען זיי אונז ערגער ווי זלידנע פליגען, ערגער ווי קרעציגע:

צי איז דאָ אין מזרח און מערב אן אָרט
וואו ס׳קעבט זיך רוהיג און זיכער אונז דאָרט?

אונזער רצון און שטרעבונג צו פארמאָגען אן אייגען ווינקעל אויף דער וועלט, א פלאץ וואו מיר זאָלען קענען אנרופען, אונזער היים. אן אייגען שטיקעל ערד אונטער אונזערע פיס, וואו מיר זאָלען קענען פריי טרעטען, זיך

איינוואָרצלען, קיינער זאָל אונז ניט קענען פאָרוואַרפען אַז מיר זענען פרעמדע, צוברעכען אונזערע ביינער און ארויסוואַרפען — דאָס איז אונזער ברע־נענדסטע תשוקה, טליענדסטע האָפענונג, נאגענדסטע בענקשאַפט, זינט מיר זענען פון אונזער לאַנד פאַרוואָגעלט געוואָרען.

ימים טרערען האָבען מיר פאַרגאָסען, אויף אונזער פאַרפינסטערט און פאַרגאַלט גלות לעבען, צובראָכען איז געוואָרען אונזער גוף, פאַרקריפּעלט זענען געוואָרען אונזערע פיס פון וואַנדערען, אין ערגעץ איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אונזערט וועגען, פאַרגוואַלדיג, פאַרשפּיגען און פאַרמיאוסט איז געוואָרען אונזער נשמה, און איבערגעטראָגען האָבען מיר פון דור צו דור, אונזער איינ־ציגע האָפענונג און רעטונג, אונזערע איינציגע הילף און דערלייזונג, קען נאָר קומען, ווען מיר וועלען אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך זיין, אַן אייגען ווינקעל אויף די ערד פאַרמאָגען, אַ זיכער אָרט, אַ נאַציאָנאַלע מקום מנוחה, „וואו די פאַרוואָגעלטע טויבען זאָלען קענען זיך צוריק קערען צו זייער נעסט".

הינטער אַלע אונזערע הונדערטער יאָרען גלות, בלוטיגע מאַרטירלאָגיע, וואָס מיר האָבען זייט חורבן בית־המקדש דורכגעמאַכט. הינטער אַלע אונזערע וואַנדערונגען פאַרפאָלגונגען, אינקוויזיציעס, אכזריות'דיגע רציחות, אויסאַ־דע־פעים וואָס מיר האָבען אין אַלע פיר זייטען פון דער וועלט דורכגעלעבט זינט אונזער לאַנד איז פאַרוויסט געוואָרען און מיר זענען איבער די פיר ווינקלאַך פון דער וועלט צוזייט און צושפּרייט געוואָרען. הינטער אַלע גבורות, העלדישען הערזאיזם, איבערמענשלאַכע מסירת־נפש וואָס מיר האָבען במשך די לעצטע צוויי טויזענט יאָר באַוויזען אויסצושטעהן אַזוי פיל רדיפות און יסורים, אַזוי פיל צרות און אונמענשליכע ליידען איז געווען און איז, די אינערליך פעסטע איבערציגונג, די הויפּט קראַפט וואָס האָט אונז דערמוטיגט, די האָפנונג אויף די צוקונפט. — אַז די צייט, מוז פריער אָדער שפּעטער קו־מען, ווען מיר וועלען זיך צוריקקערען צו אונזער לאַנד, וואָס גאָט האָט צו־געזאָגט צו אונזערע אבות.

אָט די געטליכע הבטחה און גלויבען, די דאָזיגע איבערצייגונג און זיכער־קייט, וואָס איז טיף איינגעוואָרצעלט אין האַרץ און נשמה פון יעדער איד, די בענקשאַפט און האָפענונג וואָס לעבט אין בלוט און פלייש פון דאָס אידישע פאָלק אין דער גאולה און צוריקקער פון די אידען אין זייער לאַנד, ארץ ישראל, האָבען אין די טראַגישסטע בלוטיגסטע מאָמענטען אין אונזער גלות געשיכטע, ווען די שווערד פון אויסראָטונג, האָט אונאויפהערליך געפאָכעט איבער אונ־

זערע קעפּ און איבער אַלע ווינקלען פון בית־ישראל האָט א פייער געפלאַקערט אונז צו פאַרצוקען ווי מיט פייערדיגע אותיות, פאַר די אויגען פון יעדען איד אויסגעקריצט געווען, ווען מען האָט אים אכזריות׳דיג געפּייניגט און געמאַטערט, ווען מען האָט אים אויפן שייטערהויפען געברענט, ווען מען האָט אים געטריבען און געיאָגט אויף די פאַרשנייעטע וועגען פון צפון און אויף די זון ברענענדע וועגען פון דרום — אומעטום אין אַלע צייטען, זינט דער פאַרטרייבונג פון זיין לאַנד, געטראָגען אינוועניג אין זיין הארץ אין זיין נשמה, פעסטע אמונה, אז די געטליכע הבטחה מוז סוף כל סוף מקוים ווערען ושבו בנים לגבולם.

אָן די דאָזיגע אמונה און האָפנונג אין דער צוקונפטיגער אויסלייזונג, וואָלטען מיר ניט ביכולת געווען אריבערצוטראָגען דעם גרויליג חושכ׳דיג בלוטיגען גלות פאַר די לעצטע צוויי טויזענט יאָר. גלייך ווי אנדערע פאַרצייטיגע פעלקער, וועמענס לענדער זענען חרוב געוואָרען און זענען פון זייערע ערד ארויסגעריסען געוואָרען אין דער פרעמד פאַרוואָרפען געוואָרען וואָלט פון אונז פאַרבליבען ניט מער, ווי מאָנומענטען און טויט היסטאָרישע ספינקסען און אויספאָרשונגען פאַר ארכעאָלאָגען.

די האָפנונג אויף דער רעבילִיטירונג און אויפבויאונג פון אונזער חרוב געוואָרענעם לאַנד אָדער ווי מיר רופען דאָס אָן, אין אונזער טראַדיציאָנעלען לשון — ימות המשיח, איז די הויפּט־קראַפט, דער לעבענס ־ עסענץ וואָס האָט אויפגעהאלטען און האלט אויף דאָס אידישע פאָלק, אין גלות.

די דאָזיגע האָפנונג, דערוואַרטונג, אמונה שלמה, בביאת המשיח, ואף על פי שיתמהמה, עם כל זה אחכה־לו בכל יום שיבא. גיט אונז כח, שטאַרקט אונזער מוט, דורכצוטראָגען די פּיינלעכסטע ענוים און גרויליכסטע ברוטאַליטעטען וואָס מיר מאַכען דורך די לעצטע צוויי טויזענט יאָר.

און פּאסירט האָט דאָס אין אונזער דור. נאָך די גרויסע פעלקער אויסשלאַכטונג, נאָך די גרויסע וועלט מלחמה פון 1914—1918, זענען די גרויסע פעלקער זיך צוזאמענגעקומען צו פאַרריכטען באַגאַנגענע היסטאָרישע עולות, נעגען שוואַכע אונטערדריקטע קלענערע פעלקער. קלענערע און גרעסערע פעלקער, פאַרשקלאַפט און באַרויבט פון זייערע לענדער זענען צוריק אויפגעריכט געוואָרען. אָפּגעגעבען האָט מען זיי צוריק זייער ערד, אויפגעלעבט האָט מען זייערע מלוכות, זענען געוואָרען אויטאָנאָם און זעלבסשטענדיק.

האָט מען ביי די פעלקער צוזאַמענקונפט אויך אונז אגב אורחה'דיג אין זינען געהאַט, פאַרבייגעהענד האָט מען אויך אונזער ביטערען מפוזר ומפור'־ריגען גורל דערמאָנט, און פונקט ווי די פעלקער באַהאַנדלען אונז אין זייערע לענדער, האָט מען אונז אויך אַזוי באַהאַנדעלט אויף דעם פעלקער צוזאַ־מענקונפט.

בעת יענע היימלאָזע באַרויבטע פעלקער, האָט מען מיטביידע הענט, מיטן גאַנצען הארצען און אָהן צוויידייטיגע פּרושים, זייער ערד און לענדער איבערגעגעבען, האָט מען אונז — דאָס לאַנגסטע באַרויבטסטע באַעולסטע אומגליקליך היימלאָז פאַרפאָלגטע און גערודפטע פאָלק, מיט א האלב מויל, שלא ברצון, א פריהער אַרויסגעגעבענע דעקלאַראַציע סאַנקציאָנירט וואָס איז אלס שכר געגעבען געוואָרען פאַר די מיטהילף, וואָס דער גרעסטער איד אין אונזער דור — דר' חיים ווייצמאַן האָט געגעבען די מעכטיגע מלוכות ענגלאַנד ווען זי האָט זיך געפינען אין אן עת צרה און די דאָזיגע אבסטראַקטע דעקלאַראַציע וואָס דינט אלס דער באַזיס, פאַר די אָנערקענונג פון אונזערע היסטאָרישע נאַציאָנאַלע רעכט אויף אונזער היים לאַנד, ארץ ישראל און איז שפּעטער ראַטיפיצירט געוואָרען פון צוויי און פופציג פעלקער, ליינט זיך פּונקט ווי די פעלקער האָבען געפיהלט בעת זייער אינדאָרסירונג — מען אנערקענט יאָ און ניט אונזערע היסטאָרישע נאַציאָנאַלע רעכט, מען גיט אונז יאָ און ניט אונזער לאַנד,־ארץ ישראל, איז יאָ און ניט אונזער לאַנד.

פון די שפּעטערדיגע צאָהללאָזע אינטערפּרעטאַציעס וואָס זענען געמאַכט געוואָרען ווענען און ארום דער אַרויסגעגעבענער באַלפור־דעקלאַראַציע, קומט אויס, בעת אַנדערע פעלקער אין דער וועלט, האָט מען פּראָסט און פּשוט אָב־געגעבען זייערע לענדער, די גרויסע פעלקער האָבען זיך נאָך פאַרפליכטעט צו העלפען שטעלען זיי אויף די פיס, האָט מען אונז אידען, מיט א פינגער אָנ־געוויזען וואו אונזער לאַנד געפינט זיך ווי גאָט צו משה הראיתיך בעיניך זעהן מיט דיינע אויגען וועסטו דאָס לאַנד, ושמה לא תעבור, אהין וועסטו ניט קומען.

פונדעסטוועגען זענען מיר אויך צופרידען געווען. — ס'איז אן אתחלתא דגאולה האָבען מיר געגלויבט. פאַראַן כאָטש ערגעץ א ווינקעל אין דער וועלט וואוהין די אויגען צו ווענדען, א שטיקעל ערד אויף דער וועלט וואָס איז פון צוויי און פופציג פעלקער אָנערקענט געוואָרען און עס האָט א שייכות מיט אונזער עבר, איז געווען אונזערס און זענען מסכים אז עס דאַרף זיין אונזערס...

בפרט נאָך, אז דער מאנדאט איבער אונזער שטיקעל ערד איז איבערגענע־בען געוואָרען צו אונזער אזא פריינדלאך לאנד, וואָס פארהערליכט און פארהייליגט אונזער ביבעל, אונזערע פראָפעטען און אונזערע פאטריארכען, יחוס'ט זיך מיט אונזער קרובה'שאפט, אינטעליגענטען, נאָבעל לייט, געלערטע און וויסענשאפטסלייט און גרויסע טיילען פון פאָלק טראָגען זיך ארום מיט א גלויבען, אז זייער פאָלק, די ענגלענדער, שטאמען פון די פארלאָרענע עשרת־השבטים, מיר זענען, יהודה, און זיי זענען די אמת'ע איזראעליטען. אז דעם בונד וואָס גאָט האָט געמאכט מיט אברהם בברית בין הבתרים, האָט איהם מבטיח געווען צו געבען זיינע קינדער דאָס לאנד כנען (ארץ ישראל) לאחוזת עולם, באציהט זיך דאָס וואָרט ברית (בריט) אויף דאָס בריטישע פאָלק.

האָבען מיר דערווארטעט, אז דאָס פאָלק וואָס יחוס'ט זיך מיט אונזער קרובה'שאפט, פארהייליגט די ביבעל, וועט אודאי העלפען אונז אין אויפבוי פון דאָס לאנד, וואו די ביבעל איז געגעבען געוואָרען און געשריבען געוואָרען.

האָבען מיר געזעהן אין דעם איבערגעבען דעם מאנדאט פון אונזער לאנד פון האָפנונג, בענקשאפט און שטרעבונג צו ענגלאנד, אן אצבע אלקים, השגחה פרטיות. אין דער צייט, ווען פעלקער און לענדער ברענען מיט נאלינגען שנאת חנם נעגען אונז, ווילען אונז איננאנצען עוקר מן השורש זיין, רעגי־רונגען האַלטען זיך אויף פראָגראמען פון שנאָה צו אונז, באציט זיך די מעכ־טיגע אימפעריע אין דער וועלט, ענגלאנד מיט גרוים סימפאטיע צו אונזערע בלוטיגע נויטען, ווייזט ארוים געדולד צו אונזערע יסורים'דיגע פּראָבלעמען און איז וויליג אונז צו העלפען אין אונזערע טראגישע אומגליקען.

אויך די לענדער וואָס ווערען רעגירט אדער פארוואלטעט פון ענגלישען פאָלק, געניסען אידען דאָרט פולשטענדיגע גלייכבארעכטיגונג. די ווארימע ליבע פון די ענגלישע מאסען צו דער אידישער ביבעל, דערלאָזט ניט איבער דער וועלט פארשפּרייטער, צופלאקערטער גיפטיגער שנאת ישראל זאָל טיף אין ענגלאנד זיך פארוואָרצלען. די מאיאָריטעט פון דאָס ענגלישע פאָלק איז פילאָסעמיטיש. די גרעסטע שטאַטסמענער און געלערטע זענען געוועזען און זענען אין ענגלאנד אונזערע פריינט. פון די צייטען פון אליווער קראמוויל ביז היינט, האָבען מיר געפונען אין ענגלישען פאָלק א פריינט, וואָס וויל אונז ערנסט, אויפריכטיג העלפען לויט די אומשטענדען פון די צייט.

בקיצור, דאָס ענגלישע פאָלק, ווערט ביי אונז פאררעכענט פאר דאָס פריינטליכסטע פילאָסעמיטישסטע פאָלק אויף דער וועלט.

דארום, ווען דער ארץ־ישראל מאַנדאט איז איבערגעגעבען געוואָרען ענגלאנד, האָבען מיר מיט גליענדען בטחון און גלויבען אין אונזערע הערצער און די פריינטשאפט פון ענגלישען פאָלק, מיט אויסערגעווענלאכע אָפּפּער־ווילינקייט און גרויס מסירת נפש גענומען איינשפּאנען אלע אונזערע פאָלקס כוחות און ריאביליטירונג און ווידעראויפבויאונג פון אונזער צוויי טויזענט יאָריג פארלאָזט לאנד.

מיר זענען אומצופרידען געוואָרען מיט די באַלפור דעקלאראציע, מיט איר אבסטראקטען תוכן און די צאָללאָזע אונטערפרעטאציעס, מיר זענען תיכף אומצופרידען געוואָרען מיט די נייע אָנגעשטעלטע אדמיניסטראציע אין אונזער פארשפּראָכענעם לאנד, אונזער גלויבען אָבער אין די אויפריכטיגע פריינדשאפט, יושר און גערעכטיגקייט פון ענגלישען פאָלק צו אונז, האָט גע־מאַכט אונז אלעס צו פארקוקען, האָט דערמוטיגט און געשטארקט אונז אָנ־צוגעהן אין דער אויפבויאונגס ארבייט פון אונזער פארשפּראָכענע און אָנער־קענטע נאַציאָנאַלע אידישע היים.

און וואָס האָבען מיר ניט געטון, וואָס האָבען מיר ניט אויסגענוצט, וואָס איז געווען ביי אונז צו טייער פאר דער ווידעראויפלעבונג פון אונזער פארלאָזט פארוויסט לאנד.

אָנערקענט האָבען די פעלקער אונזערע היסטאָרישע רעכט אויף דעם לאנד, אָבער ניט אויף די ערד, פון דעם לאנד. אָפּגעגעבען האָט מען אונז דאָס לאנד, אָבער ניט די ערד. דאָס לאנד איז היסטאָריש אונזערס, אָבער די ערד פון לאנד, אויב מיר ווילען אז זי זאָל אונזער אייגענטום זיין, מוזען מיר זי אויס־קויפען, באַצאָלען פאר איר אויסלייזונג.

אָט אַזוי ארום האָבען די צוויי און פופציג פעלקער אין דער וועלט אָנער־קענט אונזערע היסטאָרישע רעכט אויף דעם לאנד.

אָבער אויך דאָס האָבען מיר פאר ליב גענומען. גם זו לטובה האָבען מיר געזאָגט.

גראָשענס און דאָלארס האָבען מיר פון די אידישע מאַסען אָנגעהויבען זאמלען די ערד פון לאנד אויסצוקויפען. די טייערסטע געלט פרייזען האָבען מיר געצאָלט און צאָלען, פאר יעדען שפּאן ערד פון לאנד, וואָס איז פון צוויי

און פופציג פעלקער אנערקענט געוואָרן אז דאָס איז געווען אונזערס און באַ־
לאַנגט צו אונז.

אייגענע ערד, אונזער ערד, וואו מיר וועלען קענען שטעלען א פעסטען
זיכערען טריט, קיינער וועט אונז ניט קענען ארונטערטרייבען פון דער ערד,
ארויסרייסען די ערד פון אונטער אונזערע פיס, זאָגען די ערד איז ניט אונ־
זערע, מיר זענען פרעמדע, איז עפּעס שייך צו זאָגען פאר א פאָלק וואָס פאר־
מאָגט אין ערגעץ ניט אויף דער גאנצער וועלט קיין אייגען שטיקעל ערד א
טייערען מקח.

האָבען מיר פון די צונויפגעקליבענע פּרוטות פון צווישען די אידישע
פאָלקס־מאַסען גרויסע שטחים באָדען אין ארץ־ישראל אבגעקויפט און אויס־
געלייזט. אונזערע בעסטע, טייערסטע זיהן און טעכטער האָבען מיר אין לאנד
פון אונזער האָפנונג און שטרעבונג געשיקט, די אויסגעקויפטע וויסטע פאר־
לאָזטע ערד אין פרוכטבארען קולטיווירטען באָדען פארוואנדלען.

קיין פאָלק האָט ניט באוויזען מיט אזעלכע מינימאַלע פינאַנציעלע רע־
סורסען און כסדר'דיגע פון אלע זייטען שטערונגען אין דער ריבילאַטירונג פון
זיין לאנד צו טון אזא קאָלאָסאַל גראַנדיעזע אויפבויאונגס ארבייט ווי מיר האָ־
בען במשך די פארגאנגענע צוויי צענדליגע יאָרען אָבגעטון.

אָביעקטיווע בעאבאכטער, וואָס האָבען פון פריער געקאנט דאָס לאַנד,
האָבען קיין ווערטער ניט געהאַט אויסצודריקען זייער באוואונדערונג און
לויב, ווי אזוי אונז איז געלונגען במשך אזא קורצער צייט, פון זומפּיג מאַ־
לאַריש פול מיט מיקראָבען פארפּלייצטען באָדען אין בליהענדע פרוכטבארע
גערטנער און פעלדער פארוואנדלען.

אויסערגעוויינלאכען העראָאיזים, נאַציאָנאַלע פאראנטוואָרטליכקייט,
שטאָלענעם געדולד, אייזערנעם אויסדויער, האָבען מיר די לעצטע צוויי צענד־
ליגער יאָר ארויסגעוויזען אין דער רעביליטאַציע פון אונזער לאנד.

מיט אונזער בלוט און שוויים האָבען מיר די אויסגעלייזטע ערד, אָבגע־
קויפט פאר די פּרוטות פון אידישע פאָלקס מאַסען, בעארבייט. אונזערע ליבסטע
זוהן און טעכטער האָבען מיר ווי קרבנות אויפן מזבח, מיט איינגעהאלטענעם
אָנגעזאַפּטען צער און פּיינליכע יסורים די ערד געבראַכט. און זייער אייגען

פארגאָסענעם בלוט, א רגע פארן אויסהויכען זייערע נשמות, האָבען אונזערע קינדער, די פאלענדע קרבנות פאר אונזער לאנד זייערע פינגער איינגעטונקען און אויף די ערד, אויף זייער און אונזער ערד, אויפנעשריבען — גוט צו שטאַרבען פארן אייגענעם לאנד.

האָבען מיר אין לאנד ברודער קברים געגראָבען אונזערע יונגע בויענדע און העלדישע קינדער אין דעם איינגעווייד פון דער אויסגעלייזטער ערד באַהאלטען. נאָך צוויי טויזענט יאָר קרבנות ברענגען פאר דער גאנצער וועלט, און באגראָבען זיי אין פרעמדער ערד, זענען אונזערע קינדער געפאלען קרבנות פאר דער אויפבויאונג און ווידעראויפלעבונג פון אייגענעם לאנד און מיר האָבען זיי באגראָבען אין דער אייגענער ערד.

ברענען די ווערטער, געטונקען מיט די פינגער אין אייגענעם בלוט פון אונזערע געפאלענע קרבנות, ווי פייערדיגע אותיות, פאר די אויגען פון אונזערע פיאָנערען און בויער. מוטיגער, ענערגישער, מיט מער עקשנות, שטאָלענעם רצון, האָבען זיי שטארקער, קרעפטיגער, מיט שנעלערען טעמפּא, פעלזען שטיינער געשפּאלטען. וועגען געפלאסטערט, זומפּן געטרוקענט, טאָלען פארשאָטען, ישובים געבויט. די געפאלענע באגראָבענע קרבנות אין דער ערד און די טויזענטער היימלאָזע, לאנדלאָזע געיאָגטע און געפּלאָגטע אידען אין דער וועלט וואָס זוכען אן אייגען שטיקעל ערד, האָט געוועקט, געמונטערט, אונזערע חלוצים און אינטענסיווע בויער, גיכער אָנצונעהן מיט דער אויפבויאונגס ארבייט פון לאנד.

און אז א ישוב, א קליינער אידישער ישוב האָט זיך אויפגעבויט, האָט ענגלאנד, דאָס פריינדליכע פאָלק אונזערס, דאָס פאָלק פון דער ביבעל, וועמענס מיטהילף אין דער אויפריכטונג פון אונזער היים־לאנד מיר האָבען דערוואַרט, אָנשטאָט צו העלפען אונז אין דער מסירת־נפש'דיגע אויפאָפּפערונג אין דער ווידעראויפלעבונג פון אונזער נאַציאָנאלע אידישע היים, כסדר אָנגעהויבען אונז באַגרעניצען און שטערען.

כמעט יעדע עטלאַכע יאָר, האָט די ענגלישע רעגירונג אויספאָרשונגס קאָמיסיעס אין לאנד אריין געשיקט, אויסצופאָרשען, שטודירען, אויסרעכענען, אויסמעסטען, לארכה, ולרחבה, פון ברעג צו ברעג, דאָס לאנד און די ערד, וואָס מען האָט אונז צוגעזאָגט, ווי גרויס איז אונזער צאָל, וואָס האָבען מיר געשאפען, וואָס און ווי אזוי מיר בויען, וויפיל ערד האָבען מיר שוין אָבגע־

קויפט, וויפיל ערד איז נאָך צום פארקויפען, וויפיל נאָך אידן קען דאָס לאנד אויפנעהמען, און וויפיל און ווי גרויס זענען די קריוודעס פון די אראבישע עפענדים און ווילד אראבישע נאָמאדען שבטים געגען אונז.

און נאָך יעדע אויספאָרשונגס קאָמיסיע איז תיכף פון די ענגלישע רע־גירונג א ניי פאפיר דערשינען מיט אונצאָליגע גזירות, פארשווערונגען, פאר־צוימונגען און באַגרעניצונגען אין דער אויפבויאונגס ארבייט פון אונזער לאנד. ראשית, האָט מען פון דאָס מיטן מויל צוגעזאָגטע לאנד, שטיקערווייז אָנגעהויבן ארומשניידען און פארקלענערען. שפּעטער האָט מען געזוכט, די גאנצע הבטחה צונישט מאכען — מיר האָבען שלעכט פארשטאַנען, ס'איז געווען א טעות. די צוויי און פופציג פעלקער האָבען לכתחילה ניט געמיינט צו אנערקענען אונזער רעכט אויפצובויען אין ארץ ישראל א נאַציאָנאלע געזיכערטע אידישע היים, בפרט האָט דאָס ניט געהאט במחשבה די מאנדאטען מאכט, בעת דעם איבערנעמען דעם פּראָטעקטאָראט איבערן לאנד און אז די עטלעכע צענדליגער טויזענטער אידען וואָס זענען אריינגעקומען אין ארץ־ישראל איז דער מיט שוין דערפילט געוואָרען די הבטחה פון ווערסייל, סאן רעמא, און פעלקער־בונד אין די פליכטן צום אידישען פאָלק וואָס די מאנדאטען מאכט האָט זיך מתחיב געווען.

האָבען מיר כסדר געהאלטען אין פארטיידיגען זיך געגען די רעגירונגס פאפירען און אלערליי אינסינואציעס וואָס זענען געגען אונז געמאכט געוואָ־רען. מיר האָבען פּראָטעסטירט, אפעלירט, רחמים געבעטען, געמאָנט, געפּאָ־דערט דאָס אונזעריגע, די בויער און חלוצים אונזערע האָבען אָבער די הענט ניט אָפּגעלאָזען פון אָנגעהן אינטענסיוו מיט דער אויפבויאונגס ארבייט פון לאנד.

בעת מיר האָבען, געטענה'ט, אינטערוויואירט, מיטן מויל זיך פארטיי־דיגט, האָט די ארבייט אונטער די הענט פון אונזערע חלוצים געברענט. זיי האָבען געבויט ישובים, געגרינדעט קאָלאָניעס, באַזעצט נייע פונקטן, שנעל געיאָגט מיט די ארבייט, צוגעגרייט פּלאַץ פאר די פון אלע זייטען פון דער וועלט געיאָגטע, היימלאָזע, לאנדלאָזע געטריבענע אידען וואָס האָבען אָנגע־הויבען געזעצלאך אָדער ניט אין לאנד אריינשטראָמען.

מער פון צוויי צענדליגער יאָרען זענען פאראיבער זינט דעם צווייטען נאָ־וועמבער, 1917, ווען די באַלפור דעקלאראציע איז פארעפענטלעכט געוואָרען.

זענען דאָס געווען יאָרען פול מיט שווערע נסיונות, בלוטיגע איבערלעבונ־גען, כסדר'דיגע שטרויכלונגען מצד דעם ענגלישען קאָלאָניאל אָפיס, וואָס איז ממונה איבער ענגליש קאָלאָניאלע אינטערעסען אין ארץ־ישראל בתוכם. אין אויסגערעכענטע להכעיס'דיגע שטערונגען פון די ענגלישע ארץ־ישראל אדמיניסטראציע וואָס איז פון די ערשטע התחלה באַזעצט געוואָרען פון בע־אמטע אָנגעזאָפּט מיט שנאה צו אונזערע שטרעבונגען און צילען.

אזוי האָבען מיר געמוזט אלע יאָרען, כמעט טאָג טעגלאך, אונאויפהער־לאך ארומלויפען פון איין מלוכה צו דער צווייטער, פון איין רעגירונגס אינסטאַנץ צו דער צווייטער באַזייטיגען, אָבשרייען, די אבן נגפ'ס, די להכעיס'דיגע שטערונגען, פארענטפערען זיך, אז מיר זוכען חס־וחלילה ביי קיינעם קיין שום זאך ניט צונעמען. מיר ווילען קיינעמס אינדיווידועלע פריי־הייט ניט אוועקרויבען. אדרבה, מיר שטרעבען און לעכצען צו לעבען מיט יעדען בשלום, האָבען מיר דאָך אויפגעלעבט, אויסגעטרוקענט, פרוכטבאר גע־מאכט, וויסטע מאלארישע שטרעקעס באָדען. אריינגעבראכט אין לאנד ציי־ווילזאציע, קולטור, היגיענע, סאניטארישקייט. ענטוויקעלט נייע אינדוסטריעס, פארבעסערט דאָס עקאָנאָמישע לעבען און אויפגעהויבען דעם סטאנדארד פון לעבען אין לאנד.

דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען. די אינטריגעס און אינסוניאציעס האָבען דערפירט אז קנאַפּע דריי יאָר האָט מען אונזערע אומשולדיגע זין און טעכטער, די בויער פון לאנד, געשאָכטען און געמאָרדעט. מיט מדבר'שע ווילדקייט פארניכטעט, אונטערגעהאקט און פארברענט וואָס מיר האָבען במשך די איבער צוויי צענדליגער יאָהרען פארזייעט, געפלאנצט און אויפגעבויט.

און דער ישוב אין ארץ־ישראל האָט דאָס אלץ מיט אייזערנעם אויסדויער, שטאָלענעם געדולד, איבערמענשלעכע אָנשטרענגונג דורכגעטראָגען, ווייל איין געדאנק האָט דעם אידישען ישוב באהערשט, וואָס האָט אלעם פארשלינגען, געמאכט אין אלעם פארגעסען, דאָס איז געווען שטאַרקער, מוטיגער, אינטענ־סיווער און מיט שנעלען טעמפּאָ אָנגעהן מיט דער אויפבויאונגס ארבייט אין לאנד.

בויען — שנעל בויען, גראָבען קאנאלען, לייגען פונדאמענטען, טרוקענען זומפּען, פלאסטערען וועגען, מערער ערד צוגרייטען, אייגענע ערד א זיכערען טריט אוועקצושטעלען, טיפער באַפעסטיגען זיך אז קיינער זאָל פון די ערד

ניט קענען ארונטערטרייבען, זאָגען אז זי איז זיינע, באהערשט איגנאנצען דעם גוף און די נשמה פון די בויער און אידעאלע שטיצער אין דער קאָלאָסאַ־לער גראנדיעזער אויפבויאונג פון א נאציאָנאלע זיכערע אידישע היים פאר די גע׳רודפ׳טע, פארפאָלגטע און פון איבעראל געטריבענע קינדער פון אידישען פאָלק.

פון די פארפעסטע שטיקענדע הייסע וועלט אטמאָספערע מיט נאלינע שנאה צו אונז, האָבען די בויער אונזערע געפילט דאָס אָנקומען פון א שרעקלאך פארניכטענדען שטורם וואָס דראָט מיטן שורש, מיט ווילדע אכזריות, פון דורות טיף איינגעוואָרצעלטע מקומות אידישע ישובים ארויסצורייסען, ווי אָפּ־געבראָכענע צווייגען פון אלטע טיף אין דער ערד פארזעסענע שטאַם בויער פון פלאץ צו פלאץ, געיאָגט פון שטורם הין און צוריק זיי ארומשלײדערען, האָבען זיי דארום מיט אויסערגעוועגלאכע שנעלע אינטענסיווקייט געארבייט. איבערנאכט קאָלאָניעס אויפגעשטעלט, ישובים געשאפען, מער באָדען, מער ערד, מער פלאץ צונעגרייט, פאר די וואָס וועלען פון אָנקומענדען שטורם פון זייערע שטאמלענדער ארויסגעריסען ווערען און דאָס גליק האָבען אין דעם לאנד פון זייערע אבות פארוואָרפען צו ווערען.

און פאסירט האָט דאָס, וואָס דער באגרינדער, שאפער און פרעדיגער פון אידישען צוריקקער צו זיין היים לאנד דר׳ הערצעל, האָט מיט פערציג־פופציג יאָר צוריק מיט זיין טיפע אינטואיציע פאָרויסגעזעהן און דאָס וואָס די בויער אונזערע האָבען אין דער וועלט פארפעסטע אויפרייסענד לופט געפילט — דער אָנקום פון ווילדען שטורם געגען אונז.

און אויסגעבראָכען האָט דער בלוטיג פארניכטענדער שטורם, אָנגעצונדען אין א העליש פייער האָט זיך די מיט שוועבעל און פעך פארגיפטעטע לופט געגען אונז און נאָך ערגער ווי מיר האָבען זיך פאָרגעשטעלט. נאָך ערגער ווי די אינטואיציע פון אונזערער בויער האָט זיי פאָרויסגעזאָגט. אין אונזער מאר־טילאָגיע, האָט נאָך אזא אימה׳דיג גרויזאם אכזריות׳דיג ווילדען בליזארד ניט געטראָפען אונז אויף אונזער פארוואָגעלטען וואנדערונגס וועג.

ווי אין א פייער שפייענדען וואולקאן זענען מיר פארכאפט געוואָרען. פון הימעל און פון די ערד, פון די לופט און ארום אונז האלט אונאויפהערלאך אין האָגלען אויף אונז מיט גזירות, פארפאָלגונגען, רדיפות, גרושים, נגושים, בעסטיאלישע מאָרדען, שווידערלאכע רציחות און שחיטות.

לענדער וואו מיר זענען הונדערטער יאָרען געווען איינגעבירגערט, טיף אין דער ערד פאַרוואָרצעלט, געווען א גלייכע טייל פון דער אלגעמיינער באַפעל־קערונג, מיטגעהאָלפען אין אלע געביטען אין דער אנטוויקלונג, פּראָגרעס און פאַרשריט פון די לענדער, האָבען אויפגעהויבען א געשריי, אז זיי האָבען מער קיין פּלאַץ ניט פאר אונז, אז מיר זענען פרעמדע און איבעריג אין לאנד, און אז מען מוז אונטער אלע אומשטענדען פון אונז פּטור ווערען. פאר אונזערט וועגען איז קיין ערד ניטאָ אין לאנד דעם פוס אוועקצושטעלען.

ווי ווילדע חיות, האָט מען אונז אָנגעהויבען באַרמהאַרצלאָז, מיט מעפּיס־טאָפּעלישען סאַדיזם ארומיאָגען. אונטער א שד׳ישע טייוואלישע בייטש, אהין און צוריק איבער גרענעצען טרייבען. זייט די וועלט עקזיסטענץ, אפילו אין די נאָר אוראלטע ווילדסטע צייטען האָבען מענשען, דעם איינגענעם מין מענש, ניט אזוי גרויזאַם, באַרבאַריש ברוטאַל און אכזריות׳דיג באַהאַנדעלט ווי מיר אידען ווערען אין דער היינטיגער וועלט באַהאַנדעלט.

ווי קין האָט צו זיין ברודער הבל גע׳טענה׳ט, ער זאָל ארונטערגעהן פון די ערד, ווייל די ערד איז זיינע, אזוי האָבען איראָפּייאישע פעלקער אָנגעהויבען טענה׳ן צו אונז.

איין גרויס שטאַרק פאָלק, דאָס דייטשע, וואָס האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען דעם מענשלאַכען וועג, דעם ניצוץ אלקים און דאָס נשמה׳דיגע אין מענשען, איז פון פאָלק אינגאַנצען אויסגעוועפּט געוואָרען, איז אין א פאָלק פון בעסטיעס און סאַדיסטישע רוצחים פאַרוואַנדעלט געוואָרען, איז אונז גזלנ׳יש, מערדערלאַך, מיט האַק און שווערד באַפאַלען. מיטן שורש פון הונדערטער יאָרען אלט באַזעסענע ישובים אויסגעוואָרצעלט, פון דער ערד ארונטערגע־טריבען מענער און פרויען, אלטע און קראַנקע, שוואַכע און עופּה׳לאַך, נאַקע־טע, באָרוויסע, פאַרשמאַכטע און הונגעריקע, ווערען מיט ביקסען און באַיאָ־נעטען אָן אָבשטעל פון פּלאַץ צו פּלאַץ, פון גרענעץ צו גרענעץ ווי משוגע׳נע הינט ארומגעיאָגט און ארומגעטריבען.

זענען טויזענטער אין דעם ווילד מחבל׳שען געיעג, פון אשמדאי׳ס קינ־דער, אין געשטאַלט פון די בלאָנדע דייטשע בעסטיעס, אויפן וועג צופּאַסעוועט און צו׳ממית׳ט געוואָרען, און צום טויט דערשאָסען געוואָרען. טייל זענען אין בלאָטעס און זומפּען דערטרונקען געוואָרען, פון הונגער און קעלט אויס־

געשטאָרבען. אנדערע מער מזל'דיגע, יונגערע און קרעפטיגע, וואָס איז ממש ווי דורך נסים פון אונטער די נעגעל פון די דייטשע משחיתים געלונגען זיך ארויסצוראטעווען, האָבען דאָס לעצטע העמד אוועקגעגעבען, אויף צופאָרענע שיפען זיך ארויפגעזעצט, דעם שטורמדיגען ים זיך אוועקגעגעבען, מיט דער איינציגער האָפנונג, צו גרייכען דאָס לאנד, וואָס די פעלקער פון דער וועלט האָבען אנערקענט פאר אונזערס, שטעהט אונטערען רשות פון דאָס אידישע פריינטלאכע פאָלק, דאָס ענגלישע, און צו באטרעטען דעם באָדען וואָס איז מיט אידיש געלט און אידיש בלוט אויסגעלייזט געוואָרען און די ערד וואָס איז פון פריער פאר די פון בלוטיג ווילדען שטורם ארויסגעריסענע און ארויסגע־שליידערטע צוגעגרייט געוואָרען.

האָבען מיר דערווארטעט, אז אָט אין דער העכסט טראגיש בלוטיגער קאטאסטראָפע אין אונזער געשיכטע, ווען פעלקער האָבען אויפגעהויבען א געשריי, אז די ערד איז זייערע, מיר האָבען ניט קיין רעכט צו לעבען און טרע־טען אויף די ערד אין זייערע לענדער — וועט ענגלאנד, דאָס אידיש פריינט־לאכסטע פאָלק, דאָס פאָלק פון די ביבעל, דאָס פאָלק וואָס יחוס'ט זיך מיט אונזער קרובה'שאפט, האלט כסדר שטודירן און פאָרשן אונזער תנ"ך, קומען אונז צו הילף אין דער ביטערסטער שעה פון אונזער נויט און אומגליק. עפענען די טויערען פון פארשפראָכענעם לאנד איבער וועלכען מיר האָבען געגלויבט, אז נאָר די השגחה האָט אזוי געפירט, אז דאָס לאנד זאָל איבערגעגעבען ווערען אין רשות פון ענגלאנד ארייגצולאָזען די פון די ערד ארונטערגעטריבענע, איבער די גרענעצען געיאָגטע, דערלויבען זיי ארייגצוקומען אין ארץ־ישראל, געבען זיי ערד אונטער זייערע פיס וואָס זייערע ברידער האָבען פאר אייגען געלט אָבגעקויפט און צוגעגרייט.

מיר האָבען דערווארט, אויב ענגלאנד וועט דירעקט ניט קומען צו הילף אונזערע פארצווייפעלטע פון שטורם געטריבענע שוועסטער און ברידער וואָס שטרעקען זייערע הענט צו דאָס איינציגע לאנד אין דער וועלט, וואו פלאץ און ערד איז פאר זיי צוגעגרייט געוואָרען — די איינציגע האָפנונגס שטראַל וואָס איז פארבליבען אין זייערע הערצער און דערהאַלט זיי ביים לעבען, וועט זי לפחות ניט שטערען, געוויס ניט האַנדלען אזוי גרויזאם און ברוטאל ווי אנדערע אייראָפּייאישע לענדער, פאררינגלען די טירן פון לאנד, אוועקשטעלען באוואפענטע סאָלדאטען מיט א באפעל צו שיסען אויף די פון שווערד גע־טריבענע און געיאָגטע, פארוואונדעטע און פארפייניגטע וואָס ווילען מיט די שיפען די ארץ ישראל ברעגען דערגרייכען — דערשלאָגען זיך צום לאנד, וואָס

מיר האָבען מיט אונזערע צונויפגעזאמעלטע פרוטות ערד אָפגעקויפט און אונ־זערע חלוצים און בויער האָבען די ערד מיט זייער שוויים און בלוט באארבעט און געמאכט אידיש.

יאָ אזוי האָבען מיר געגלויבט. פונקט ווי מיר האָבען אין די וועלט און דער ציוויליזאציע געגלויבט.

וואָס האָט אָבער פאסירט?

ווען עטלאכע שיפען וואָגלענדיג איבער די שבעה ימים מיט טויזענטער פון די אייראָפּיאישע וועלט ארויסגעוואָרפענע אידישע פליטים זענען נאָענט צו די ארץ־ישראל ברעגען דערשוואומען, האָט ענגלאנד, די הערשערין איבער די ימים, עסקאדראָנען ענגלישע קרייצער שיפען מיט אָפענע הארמאטען מיי־לער גרייט צום שיסען ביי די ארץ־ישראל'דיגע ים ברעגען אוועקגעשטעלט, ניט דערלאָזען אז די פארשמאכטע אין יסורים געפייניגטע פון גהנום אנטלאָפענע אידישע פליטים זאָלען דעם אידישען באָדען באטרעטען.

בריטאַניע — וועמענס גרויסע טיילען פון פאָלק, געלערנטע און אינטע־ליגענטען גלויבען אז דער נאָמען „בריטען" איז דער אורשטאַם פון העבריי־אישען וואָרט „ברית", וואָס גאָט האָט כורת־ברית געווען מיט אברהמ'ען, צו געבען זיינע קינדער דאָס לאנד, כנען, ארץ־ישראל, האָט באפוילען די בריטישע פלאָטע צו שיסען אויף די שיפען וואָס פירען די קינדער פון זייער קרובה'שאפט אין דעם פארשפּראָכענעם לאנד וואָס גאָט האָט כורת־ברית געווען מיט אונזער שטאַם פאָטער אברהם, וועמען בריטאַניע פאר הערלאכט און פארהייליגט.

פינף שיפען, מיט איבער דריי טויזענט, היימלאָזע, לאנדלאָזע, צופייניגטע, נאַקעטע, קראנקע און אויסגעהונגערטע אידישע מענער און פרויען, זקנים און עופה'לאך ארויסגעוואָרפענע פון אייראָפּיאישען גהנום, וואָס האָבען נאָך לאנגע שרעקלאכע וואָכען פון פיין און מורא'דיגע ליידען, דערנעהנטערט זיך צום לאנד פון זייערע האָפנונגען, צום לאנד וואָס איז אידיש און שטעהט אונטערען רשות פון פריינדלאכסטען אידישען פאָלק, ענגלאנד, — זענען בארמהארצלאָז, אונ'ברחמנות'דיג גע'רודפ'ט און פארפאָלגט געוואָרען דורך בריטאַניעס פלאָטע און זענען פארטריבען געוואָרען פון די ארץ־ישראל ברעגען.

ארומגעוואָגעלט, ציללאָז, האָבען די פינף שיפען אין די מיטעלענדישע וואסערען. אומזיסט געזוכט א האפען וואוהין די אומגליקלאכע אויסצושטייגען.

מורא׳דיגע עפּידעמיעס האָבען אויף די שיפען אויסגעבראָכען, ביי א גרויסע טייל פון די אומגליקלאכע זענען די יאסלעס געשוואָלען געוואָרען, האָבען בלוט שטורצען געקראָגען, זייערע געבעטען, יאָמערען און געשרייען צו די ענגלישע בעאמטע מען זאָל זיי ראטעווען פון א לאנגזאם געמאטערטען טויט האָבען הימלען געשפּאלטען.

א שיפס קאפּיטאַן, ניט קאָנענדיג צוזען מער די גרויליגע יסורים און מורא׳דיגע ליידען פון די אידישע פּליטים, האָט מיט געוואלד זיך דורכגעריסען די ענגלישע ים וואך, יאָגענדיג זיין שיף צו א ברעג האָט ער אויסגעשריגען, אז ער קען מער ניט צוזען די שוידערלאכע ענוים פון די אומגליקלאכסטע פון די אומגליקלאכע אויף זיין שיף, עס איז אים אויסגעגאנגען דאָס לעצטע ביסעל פּראָוויאנט פון שפּייז און געלט, און ער קען מער ניט ארומבלאָנדזשען אין די מיטעללענדישע וואסערען מיט די אידישע פּליטים — הארטנעקיג און הארצלאָז זענען אָבער פארבליבען די פאַרהארטעוועטע בריטישע ים שומרים אין אויס־פירען דעם באַפעל פון די בריטישע רעגירונג ניט צו דערלאָזען די אומגליק־לאכע אידישע פּליטים צו באטרעטען דעם ארץ־ישראל באָדען און אונטער די שארפסטע דראָונגען האָבען זיי געצוואונגען די צום ברעג דערשלאָגענע שיף צוריק אין די טיפע וואסערען ווייט פון די ארץ ישראל ברעגען אוועק־שוואומען.

צווישען די דאָזיגע אומגליקלאכע אידישע פּליטים זענען געווען פּראָ־מינענטע פּאַרשטעהער פון אמאָל־אָנגעזעהנע אידישע קהלות. באוואוסטע מע־דיצינער און אַדוואָקאטען, עטלאכע הונדערט אידישע יונגעלייט אָנגעטאָן אין די מונדירען פון דער טשעכישער ארמיי, וואָס זענען אין קאָנצענטרא־ציאָנס לאגערען אריינגעשליידערט געוואָרען בעת דעם אריינמארש פון די ברוינע דייטשע מחבלים אין טשעכאָסלאָוואקיע און עס איז זיי זאָגאר די געלע־גענהייט ניט געגעבען געוואָרען זיך איבערצוטאָן ציוויל, זיי זענען גלייך פון קאָנצענטראציאָנס לאגער, אויף די תפיסה שיפען אויפגעלאָדען געוואָרען, אפּעלירט האָבען זיי צו די ענגלישע רעגירונג פאר רחמנות, האָבען זיך אָנגע־באָטען צו דינען אין ענגלישען מיליטער, די שווערסטע ארבייטען אויסצופילען, אבי ס׳זאָל זיי דערלויבט ווערען צו שטעלען די פיס אויף יבשה, זאָלען האָבען ערד אויף וואָס צו טרעטען אָבער ניט צוגעהערט האָט ענגלאנד זיך צו די פאר־צווייפעלטע הילפס רופען און רחמנות׳דיגע געבעטען פון די אומגליקלאכסטע פון די אומגליקלאכע.

פארפייניגטע, אויסגעצערטע, פארמאטערטע און פארלייזיגטע, א סך פון זיי האלב נאקעט, ווייל די קליידער זענען שוין אויף זיי צעפאלען געווארען, פאר'חושכ'טע, מיט וואנזיניגע פנימ'ער און גרוי געווארענע פון צרות, יסורים און פיין, האבען די שיפען ארומגעוואגעלט און ארומגעבלאנדזשעט איבערן מיטעללענדישען ים אין הונגער, דורשט און קעלט, פון אינזעל צו אינזעל, פון לאנד צו לאנד הפקר'דיג געווארפען פון ברויזענדע ים כוואליעס און ווילד געשליידערט פון שטורמדיגע ים ווינטען.

ענגלישע מאטראזען און ארבעטער אויף די קרייצער שיפען וואס האבען נאכגעפאלגט און שטרענג געהיטען, אז די תפיסה שיפען מיט די אומגליקלאכע אידישע פליטים, זאל ערגעץ דורך אן אפענע שפארע ניט געלונגען זיך צו־כאפען צו די ארץ־ישראל ברעגען, האבען ניט געקענט צוזעהן די יסורים און מאטערנישען פון די צופייניגטע, אויסגעהונגערטע, נאקעטע און דער־פרארענע מענער און פרויען, זקנים און עופה'לאך, גערירט ביז דער טיפעניש פון זייערע הערצער, האבען די נאבעלע פשוט'ע ענגלישע מאטראזען און אר־בייטער געבראכט די אויסגעהונגערטע פארשמאכטע און פאר'חלש'טע אידישע פליטים, שפייז, אייגענע קליידער אוועקגעגעבען, ניט פארשטאנען האבען זיי די פשוט'ע פאלקס מענשען, מיט טרערען אין די אויגען האבען זיי זיך אליין געפרעגט — פאר וואס מוזען דאס ענגלישע קרייצער שיפען מיט מעטער לאנגע הארמאטען מיילער נאכיאגען די מורא'דיגע תפיסה שיפען מיט די יסורים ליידענדע אויסגעמאטערטע אומגליקלאכע אידישע פליטים ארום די ארץ ישראל וואסערען.

מוסולמענישע געמיינדעס פון אונציוויליזירטען אריענט, ביי די האפענס וואו די שיפען זענען אונטער א שטרענגער וואך דערלויבט געווארען אפצו־שטעלען און איינצוקויפען עסענוואורג, האבען געוויינט קוקענדיג אויף די שאטענס פון מענשען אויף די שיפען, זיי האבען זיי געבראכט שפייז, וואסער, מעדיקאמענטען און קליידער, אויך זיי האבען געפרעגט, פאר וואס קומט דאס די מענשען אויסצושטעהן אזעלכע מעפיסטאפלישע ענויים פאר וואס ווערט זיי ניט דערלויבט ערגעץ וואו צו לאנדען אויף דער יבשה.

בערך צוויי הונדערט אידישע יונגעלייט, וואס האבען מער ניט געקאנט סובל זיין די אונדערטרעגלאכע ליידען און אינקוויזיטארישע פייניגונגען, האבען זייער לעבען מפקיר געווען, האבען זיך אין ים אריינגעווארפען און געלאזט זיך שווימען צום ברעג, זענען שנעל פון ענגלישע פאליצייאישע מאטארשיפ־

לאך פון וואסער ארויסגעצויגען געוואָרען, אויף א טערקישען אופן האָט מען זיי הענט און פיס געבונדען און צוריק אויף די תפיסה שיפען ארויפ־געוואָרפען.

פון דערוויטענס אויף די אינקוויזיציע־שיפען, האָבען די אומגליקלאכע צופייניגטע אין יסורים אנטגייענדע אידישע פּליטים געזען, דאָס לאַנד פון זייער האָפנונג און פארשפּראָכענע נאציאָנאלע אידישע היים. מיט זייערע אויס־געשטארטע אויגען האָבען זיי געזען, די ערד און דאָס פּלאץ וואָס איז פאר זיי צוגעגרייט געוואָרען. זייערע פארצווייפעלטע געשרייען און הארצרייסענדע יללות האָט מען אין ארץ־ישראל געהערט, זייערע אויסגעשטרעקטע ביינערדינע הענט, וואָס האָבען רחמים געבעטען מיט די לעצטע כוחות אין די טויערען פון ארץ ישראל געקלאפּט, האָט מען ביי די ים ברעגען פון לאנד געזעהן. ניט געזעהן און ניט צוגעהערט האָט זיך די ענגלישע רעגירונג, פאַרהארטעוועט, און פארשטיינערט איז פארבליבען די מאַנדאטען מאכט די באַשיצערין פון אונזער פארשפּראָכענעם לאנד.

ענגלאנד — די הערשערין איבער די ימים, האָט געוויזען איר מאכט אנט־קעגען די שוצלאָזע הילפסלאָזע פון דער וועלט ארויסגעוואָרפענע אידישע מענער און פרויען, זקנים און קינדער. גרעסערע עסקאדראָנען ענגלישע שיפען, זענען צו די ארץ ישראל ברעגען געשיקט געוואָרען צו פארשטאַרקען די שמירה ארום די מיטעללענדישע וואסערען. נאָך פעסטער זענען די טויערען פון לאנד, וואָס צוויי און פופציג פעלקער האָבען אָנערקענט אז דאָס איז אידיש, איבערגעגעבען דעם מאנדאט איבערען לאנד צו אונזער פריינדלאך פאָלק מיטן פארשפּרעכען אונז צו העלפען אויפבויען א נאַציאָנאלע אידישע היים, פארריגעלט און פארשלאָסען געוואָרען פאר די פון די ערד ארויסגעטרי־בענע אידישע פּליטים.

אָט אזוי גרוייזאם און ברוטאל האָט געהאנדעלט די רעגירונג פון פריינד־לאכסטען פאָלק אויף דער וועלט וואָס מיר האָבען.

אָט אזוי אכזריות׳דיג און אונמענשלאך האָט געהאנדעלט געגען אונז די רעגירונג פון א פאָלק, וואָס יחוס׳ט זיך מיט אונזער קרובה׳שאפט, פאר־הערלאכט און פארהייליקט אונזער ביבעל, אונזער תנ״ך, אונזערע פאטריארכען אונזערע חוקים און משפּטים אין דער שרעקלאכסטער חורבנ׳דינע צייט אין אונזער עקזיסטענץ אלס פאָלק.

ענגלאנד — דאָס פריינדלאכסטע פאָלק אונזערס, וועמענס מיט הילף מיר האָבען דערוואַרטעט אין דעם פארצווייפעלסטען טראגישסטען מאָמענט אין אונזער געשיכטע — אז די הונדערט טויזענטער ארויסגעריסענע און ארויס־געטריבענע אידען פון זייערע שטאמלענדער וואָס קענען אין ערגעץ ניט געפונען קיין מקום מנוחה וועט די ענגלישע רעגירונג, די באַשיצערען פון אונזער צוגעזאָגטע היים זיך רעכענען מיט אונזער אומגליק און צער און דערלויבען די אומגליקלאכע ווען זיי וועלען גרייכען די ארץ־ישראל ברעגען צו באַטרעטען דעם באָדען און די ערד, וואָס מיר האָבען מיט אונזער געלט, שוויים, בלוט, און קרבנות צוגעגרייט האָט אונז אין דער חורבנ'דיגער שיקזאלהאפטער בלוטיגע שעה ביטער ענטוישט און שענדלאך פארראטען.

און ווידער ווען מיר לעבען דורך אלס פאָלק, א פינסטער שרעקלאך בלוטיג גרוילאכען חורבן. א גרויס מעכטיג פאָלק וואָס איז פארוואנדעלט געוואָרען אין א בלוטיגע בעסטיע, אין סאדיסטישע רוצחים, האָט זיך פארנומען אונז עוקר מן השורש זיין, פאר דעם איינציגען חטא וואָס מיר זענען אידען.

ווידער ווען מיר לעבען דורך די גאנצע מגילת איכה, כל רודפיה הישיגוה בין המצרים — ניטאָ באלד קיין פלאץ אויף דער גאנצער וועלט וואו מען זאָל אונז לאָזען לעבען רוהיג איז אויפדאָסניי לגבי ענגלאנד מקוים געוואָרען די ווערטער פון מקונן — קראתי למאהבי והמה רמנו...

כ'האָב גערופען צו מיינע פריינט און זיי האָבען מיך ענטוישט.



און ווען די אינקוויזיטאָרישע שיפען מיט אונגליקלאכע אויסגעוואָרצעל־טע פון דור־דורות איינגעפונדעוועטע היימען, פון דער ערד ארונטערגעטריבע־נע אידישע פליטים, האָבען ציללאָז צווישען הימעל און וואסער, אויף די שבעה ימים ארומגעבלאָנדזשעט, זענען פאָרשטעהער, שטאַטסלייט און פּאָליטיקער פון עטלאכע און דרייסיג מלוכות אין דער וועלט זיך צוזאמענגעקומען אין א פראנצויזישען קור־אָרט, עוויאַן, צו זוכען א פּראָוויזאָרישען אָברוה־פּלאץ פאר די פון פייער און שווערד געיאָגטע און געפּלאָגטע, א מקום מקלט, א שטיקעל ערד ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, וואו די צעפּייניגטע, געמוטשע־טע און ארויסגעטריבענע זאָלען אויף באָדען, זייערע צעקאליעטשעטע פאר־וואונדעטע פיס קענען אוועקשטעלען.

צוזאמענגערופען איז געוואָרען די עוויאַנער קאָנפערענץ דורך דער איניציא־טיווע פון העכסטען פאָרשטעהער פון א גרויסער מעכטיגער נאַציאָן, פרענקלין ד. רוזוועלט, פרעזידענט פון אמעריקא, — דער גרעסטער ליבעראל און הומאַ־ניטאַר אין דער פאר'חושכ'ט פארדזשאָנגעלטע וועלט, וואָס האָט אויפריכטיג, ערנסט, געוואָלט העלפען די געפּייניגטע אין יסורים ליידענדע אין דער אומ־דערבאַרעמדיגער בלוטיגער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט ווי א העליש גיהנום פייער ארומגעכאפּט דאָס אידישע פאָלק און צענטראל אייראָפּע.

כמעט אלע פעלקער, צו וועמען פרעזידענט רוזוועלט האָט געשיקט זיין הומאַניטאַרער איינלאַדונג האָבען ברייטהאַרציק זיך אָפּגערופען. מיט גרויס דרך ארץ אָנגענומען זיין מענשלאכען אפּיל און מבטיח געווען פולשטענדיקע קאָאָפּעראציע צו הילף צו קומען די גע'רודפ'טע איבער גרעניצען אהין און צו־ריק געטריבענע און אויף בלאָדזשענדע שיפען ארומוואָגלענדע, צעפּייניגטע, צעוואונדעטע, הילפלאָזע און פארצווייפעלטע אידישע מענער און פרויען און קינדער.

מיט א טאָן פון רחמנות און מיטלייד צו די אידישע ליידענדע אין יסורים נעפייניגטע האָבען עטלאכע און דרייסיג מלוכות מסכים געווען צום פרעזי־דענט'ס פאָרשלאג א געמיינזאמע פעלקער בעראטונג אָפצוהאלטען, צו זוכען א לייזונג, אָדער לפחות א ציטווייליגע פארלייכטערונג צו די אונמענשלאכע צרות און אונערטרעגלאכע ענוים פון דער גרויזאם מורא'דיגער טייוואליש דייטשער בייטש ארויסגעטריבענע, צופאסעוועטע, נאקעט און באָרוויסע אי־דישע מענער און פרויען און קינדער. עוויאן — א פראנצויזיש קור־אָרט איז פאר דער פעלקער בעראטונג אויסגעקליבען געוואָרען. עטלאכע און דרייסיג פעלקער האָבען זייערע פאָרשטעהער שטאטסלייט און פאָליטיקער קיין עוויאן געשיקט, מיט דער כלומר'שטער הבטחה צו קאָאָפערירען מיטן פרעזידענט רוזוועלט'ס שליחים צו העלפען אויסארבייטען א פארלינדערונגס פלאן, פאר די אידישע וועלט מארטירער, וואָס ליידען מער פון אנדערע מענשען אויף דער וועלט פון אייראָפייאישען ציוויליזאציע צוזאמענברוך.

האָט די עוויאן קאָנפערענץ, דורך דעם שטוים פון א שטאַרקען הומאנעם אימפולס און פון פראקטיצירענדע סימפאטיע צו די אידישע ליידענדע אין צענטראל אייראָפייאישען גיהנום, ארויסגערופען פיל האָפנונג און פארשפרע־כענדע רעטונג, צו די אכזריות צופייניגטע, און צו'ממית'טע, פון ווילד בלוטו־גען שטורעם, פון פלאץ צו פלאץ, פון גרענעץ צו גרענעץ, ארומגעשליידערטע אין קיינעמ'ס־לאנד ארומגעטריבענע און אויף בלאָנדזשענדע שיפען ארויפגעלאָ־דענע, אידישע מענער און פרויען, זקנים און קינדער.

א פרישער פונק פון האָפענונג האָט זיך צעטליעט אין די הערצער פון די פארצווייפעלטע, פריי־הפקר'דיג, סאדיסטיש געמוטשעטע אונשולדיגע אידישע מענשען, דורך די בלוטיגע טייוואלישע לאפעס פון די תחית־המתים אויפגע־שטאַנענע הונגען־קינדער — דאָס „קולטורעלע" דייטשע פאָלק.

מיט אויסגעשטארטע אויגען פון דערוואַרטעטע הילף, האָבען טויזענטער צופייניגטע, פארקריפעלטע, אידען אין די אויפגעשטעלטע קאָנצענטראציאָנס גיהנום קאמערען אינמיטען אייראָפע פון די דייטשע שד'ישע קינדער, אויף די עוויאנער קאָנפערענץ ארויסגעקוקט.

ווי די לעצטע שטרוי צו ראטעווען זיך פון דערטרונקען ווערען אין גרוי־סען בלוטיגען ים פון אונמענשלאכע צרות, נגושים, רדיפות, רציחות, האָבען צענדליגער טויזענטער הילפסלאָזע אידען, קאָרטשענדיג זיך פון יסורים און

פיין אונטער די הענט פון די בלוטדורשטיגע צעווילדעוועטע דייטשע חיות־רעות, זייערע שוואך ביינערדיגע הענט מיט די לעצטע כחות רחמנות'דיג גע־שטרעקט צום עוויאנער פעלקער צוזאמענפאָר.

געהאָפט האָבען די אין קיינעמ'ס לאנד, פון דער ערד ארונטערגעטריבע־נע, אויף בלאָנדזשענדע שיפען ארויפגעלאָדענע אין דייטשען גיהנום פאר'־שרפ'טע, פארקוילטע און צוקאליעטשעטע אידישע מענשען, אז די פאָר־שטעהער פון די פארשיידענע לענדער וואָס זענען זיך צוזאמענגעקומען אין עוויאן אויף דער איינלאדונג פון דעם שטארקען רחמנות אפיל, פון א גרויסען מענשען מיט א ברייט מענשלאך הארץ, פון א גרוים מעכטיג פאָלק, וואָס איז צו זיי ארויסגעשיקט געוואָרען און איז פון זייערע רעגירונגען מיט ברייט האר־ציגקייט און פריינדלאכקייט אנגענומען געוואָרען — ווייסען זייער גרויזאם שוידערלאכע לאגע, זייער הילפסלאָזיקייט און אפאטיע, פילען זייערע יסורים שרעקלאכען פיין און פארשטעהען דארום זייער צוועק און אויפגאבע פון זייער שליחות קיין עוויאן אין וועלען האנדלען לויט דעם נוסח און טאָן ווי זייערע רעגירונגען האָבען מבטיח געווען — די פולסטע מיטהילף.

און ניט בלויז די ליידענדע, געפייניגטע, שוצלאָזע אידישע מענשען האָ־בען אזוי געהאָפט, האָבען זייערע אויגען אויסגעקוקט, אז די עוויאנער פעלקער קאָנפערענץ זאָל דערפאָלגרייך זיין, אז די פאָרשטעהער פון די עטלאכע דריי־סיג מדינות, זאָלען אויף די קאָנפערענץ, רעדען מיט א ווארימע מענשלאכע שפראך, מיט געפילפולע מענשלאכע הערצער, באהערשט פון הומאניטארע גע־פיהלען ווי דער אפיל איז געווען — נאָר אלע וועלכע האָבען געגלויבט, אז די מענשלאכע ציוויליזאציע האָט נאָך ניט אינגאנצען באַנקראָטירט, אז די בלו־טיגע פינסטערניש האָט בלויז איין ווינקעל פון דער וועלט פארכאפט און פאר'־חושכ'ט, האָבען געהאָפט און דערווארט אז די עוויאנער קאָנפערענץ פאר־האנדלונגען וועלען באווייזען אז די מענשלאכע ציוויליזאציע האָט אינגאנצען ניט קאפיטולירט, אז דאָס הארץ פון דער וועלט איז נאָך אינגאנצען ניט אויס־געלאָשען און כדי דאָס צו איבערצייגען וועט די קאָנפערענץ ארויסקומען מיט מאָמענטאלע ממשות'דיגע מענשלאכע הילף און רעטונג צו די פון דער בלו־טיג דייטשע בייטש ארומגעיאָגט און ארומגעטריבענע און פון דער ערד ארונ־טערגעשליידערטע אידען.

געוועז איז די עוויאנער קאָנפערענץ, ניט בלויז די לעצטע האָפענונג פון די אומגליקלאכע אונטער די הענט פון די בלוטדורשטיגע צערייצטע נאצי

חיות, נאָר אויך פון יענע פארקלעמטע, צעוועטאָגטע, מענשלאכע הערצער, וואָס האָבען געפילט דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט געטראָפען אונזער דור. זענען פארגליווערטע ארומגעגאנגען און געשוויגען, ווייל זיי האָבען געפילט אז די מענשלאכע שפראך איז צו אָרים אויסצודריקען, דאָס וואָס ווערט עפענט־לאך פאר די אויגען פון דער וועלט אָבגעטאָן פון דעם „קולטורעלען" דייטשען פאָלק. די עוויאנער קאָנפערענץ, איז געוועזן באַ זיי, די לעצטע האָפענונג, אז די עטלאכע דרייסיג פעלקער, וועלען לאָזען הערען די שטימע פון דער ציוויליזיר־טער וועלט, אויסדריקען זייער פארדאמונג, עקעל און אָבשייליכקייט געגען די בארבאריש בלוטיגע מעשים תעתועים פון די לויזגעלאָזענע ווילדע דייטשע הור־נען, וואָס האָבען זיך, ווי זייערע ווילדע אורעלטערען מיט חיה'שע תאוה ארויסגעלאָזט צו רויבען, פלינדערען, פייניגען און דערמאָרדען אונשולדיגע מענשען און פעלקער און איבער דער וועלט פארשפרייטען חורבן, רואינע, אנארכיע און אונגליק. בקול רם, מיט א פאראייניגטער מעכטיגע שטימע וועט די קאָנפערענץ געלונגען אזא געשריי געבען, אז מיט איינמאָל וועט דער פאר־גליווערטער וועלט געוויסען אויפגעוועקט ווערען, אויפוואכען וועט די וועלט פון איר לעטארגישען שלאָף, פארציטערט וועלען ווערען די בלאָנדע דייטשע בעסטיעס, זייערע בלוטיגע חיה'שע לאפעס וועלען פאראליזירט ווערען, זיי וועלען אויף טויט דערשרעקען זיך פון דעם רוגזה'דיגען מעכטיגען געשריי פון די פאראייניגטע פעלקער, די ערד אונטער זייערע פיס וועט זיך מיט איינמאָל א טרייסעל געבען, וועלען די וועלפישע אויגען עפענען און דערזען אז די וועלט איז ניט הפקר.

אזוי האָבען געגלויבט די מענשען אין וועמענס הערצער דער צער, רחמנות און מיטלייד וואָס איז פון די בארבארישע טעאוטאַנער פון לענדער ארויסגעשמיסען געוואָרען און האָט זיך אין זייערע הערצער באַזעצט.

אזוי האָבען געגלויבט די מענשען, וואָס האָבען זיך ארומגעטראָגען מיטן געדאנק אז די ציוויליזירטע וועלט האָט נאָך אינגאנצען ניט דעגראדירט. דאָס שרעקלאך פאָרגעקומענע איז בלויז אן איבערגאנגס־פעריאָד, אזא חולאת אין א טייל וועלט וואָס וועט פאָראיבערגעהן, אָבער די ציוויליזירטע וועלט לעבט און דער וועלט געוויסען און דאָס מענשלאכע הארץ וועט דורך דעם עוויאנער צוזאמענקונפט לאָזען זיך הערען.

דערוואַרטעט האָבען די אלע מענשען אז פון דעם פעלקער צוזאמענפאָר אין עוויאן, וועט מען הערען די שטימע פון וועלט געוויסען, די שטימע פון די

ציוויליזירטע פראגרעסיוו הומאניטארע וועלט, וועט אויפשטורעמען און אויפ־טרייסלען די וועלט, ווי די שטימע פון א פארצייטיגען נביא וואס האט גערעדט צו די וועלט אין נאמען פון כה אמר ד'.

יא, אזוי האבען די אלע מענשען דערווארטעט און געגלויבט. אויסגעלאזען האט זיך די עוויאנער קאנפערענץ — די איינציגע שטרוי פון רעטונג אין דעם ים פון בלוט און טרערן אין דער וועלט פון יאוש און רעזיגנאציע, פונקט ווי א שטרוי וואס ברענט זיך שנעל איבער און עס בלייבט פון אים ניט מער ווי סאזשע.

די קאנפערענץ האט בולט ארויסגעבראכט דעם גאנצען באנקראט פון דער פראגרעסיוו פארגעשריטענער ציוויליזירטער וועלט. די ענגהארציגע, בארמ־הארצלאזע, אונברחמנות'דיגע באציאונגען פון די עטלאכע דרייסיג מלוכה פארשטעהער צו די פראבלעמען, וואס זענען זיי אויפן סדר היום געשטעלט געווארען וואס האבען באדארפט ראטעווען ניט נאר די קרבנות, וואס האבען מיט אויסגעשטרעקטע הענט געווארט אויף זייער באשלאסענער הילף, נאר אויך די פארבליבענע גלויביגע אין דער ציוויליזירטער מענשהייט, האט אינ־גאנצען ווי מיט א סאזשע פארשווארצט דאס פנים פון דער וועלט און איבער־געלאזט די ליידענדע קרבנות און די גלויביגע אין דער ציוויליזירטער וועלט הילפלאזער, עלענדער, ענטוישט און געפלעפטע ווי פאר דער קאנפערענץ.

אויסגעלאשען האט אויך די עוויאנער קאנפערענץ דעם לעצטען האפנונגס־שטראל ניט בלויז פון די געפייניגטע, צע'ממית'טע אין יסורים אנטגייענדע אי־דישע מענער און פרויען און קינדער וואס געפינען זיך אין דייטשען גיהנום, נאר אויך פון די אידען אין דער גאנצער וועלט.

די קאנפערענץ האט דייטלעך ארויסגעבראכט, וואס פאר א פנים מיר אידען האבען אויף דער וועלט. אויב ס'איז אמת, אז אויף דער וועלט וואלגערט זיך ערגעץ נאך ארום א ברעקעל רחמנות, מיטלייד, יושר און מענשלאכע גע־פילען צו ליידענדע, געפייניגטע מענשען, האט עוויאן געוויזען, אז מיר זענען א יוצא מן הכלל, איז דאס ניט פאר אונז אידען.

אנשטאט די קאנפערענץ, זאל ברענגען ווי מיר האבען דערווארטעט, הילף און רעטונג פאר אונזערע געפייניגטע שוועסטער און ברידער אונטער די ממשלה פון די נאצי־משרתים, האבען די גלייכגילטיגע קאלטבלוטיגע האנד־

לונגען פון די פעלקער דעלעגירטע, דעם לעצטען פונק פון האָפנונג אויסגעלאָ־
שען אין די צעוויטאגטע הערצער פון די יסורים לײדענדע אין דעם צעפלאָ־
קערטען דײטשען גהינום.

אנשטאט די עטלאכע דרײסיג פעלקער, זאָלען מיט א פאראײניגטע מעכ־
טיגע שטים וואָס זאָל אָבקלינגען איבער דער גאנצער וועלט, אויסשרײען זײער
פארדאמונג, גרויל און עקעל, געגען דער בלוטיגער חברה רעגירער וואָס האָבען
אין זײער לאנד און אין די לענדער, וואָס זײ האָבען מיט שווערד און שפּיז
פארשלונגען ענטוויקעלט קאניבאליסטישע נײגונגען — א פויסט אויפהויבען
אז די בלאָנדע דײטשע ווילדע חיות, זאָלען אויף טויט דערשראָקען ווערען.
וואָרענען זײ, באום זײ וועלען ניט אָבשטעלען זײערע בלוטיגע סאדיסטישע
מאָרדען און רציחות, וועלען זײ האָבען די צוזאמענגעפאָרענע פאראײניגטע
פעלקער געגען זיך. א קלאַפּ געבען אין טיש, אז די דײטשע סופּער־רוצחים
זאָלען אויף א מאָמענט פארציטערט ווערען און זײ לאָזען וויסען, אז די וועלט
איז ניט הפקר — די וועלט וועט זיך ניט צוריק קערען צו די צײטען פון די
ווילדע האָרדעס פון פארצײטיגען מיטעלאלטער די בלוטיגע אינקוויזיטאָרישע
פּײניגונגען, עפענטלעכע עקזעקוציעס, רויבען און מאָרדען אונשולדיגע מענשען
אין דעם לאנד פון אויפגעשטאנענעם טשינגיז־כאַן.

אנשטאט די קאָנפערענץ זאָל דערהויבען אונזער פּרעסטיזש אז אויך מיר
אידען, זענען מענשען וואָס האָבען א גלײכע רעכט צו לעבען און טרעטען אויף
גאָטס ערד און געניסען די ווארימקײט און ליכטיגקײט פון די זון, ווי אלע לע־
בעדיגע ברואים, און אז דאָס ארויסרײסען צענדליגער טויזענטער אידען פון
זײערע שטאמלענדער, באַרויבען זײ פון זײער האָב און גוטס, רואינירען און
צוברעכען זײ פיזיש און גײסטיג, טרײבען זײ, צווישען גרענעץ און גרענעץ
צווישען אײן לאנד און צווײטען, אוועקרויבען זײער ווערדע אלס מענשען,
דערנידעריגען זײ ערגער ווי ווילדע חיות, איז אזא ערנסטער וועלט פּראָבלעם,
פּונקט ווי עס איז א אידישע פּראָבלעם — איז די קאָנפערענץ געווען ווי זאַלץ
אויף אונזערע צעבלוטיקטע וואונדען. בולט'ער און שאַרפער האָט די עוויאנער
קאָנפערענץ עפענטלאך ארויסגעבראכט, אונזער הילפסלאָזיגקײט, שוצלאָזיג־
קײט, אז די וועלט קימערט זיך ניט וועגען אונזער אונגליק און בראָך, די וועלט
האָט אונז געלאָזט צום אײגענעם ביטערען גורל. קײן לאנד וויל אונז ניט האָ־
בען און אפילו דאָרטען וואו מיר לעבען, זענען מיר ניט געוואונשען, זענען
מיר גרויס אין די אויגן און אז מיר האָבען אין ערגעץ ניט קײן אויפריכטיגע
פרײנט צווישען די פעלקער, וואָס זאָלען גרײט זײן, צו קומען אונז צו הילף,

און אז מיר זענען הפקר, ווי אין די גרוי אוראלטע צייטען, להשמיד להרוג ולאבד.

די עוויאן קאָנפערענץ האָט באוויזען, אז די נאַצי פּראָפּאגאנדע האָט אריינגעדרינגען אין די הערצער פון מלוכה פאָרשטעהער און שטאַטסלייט, האָט די וועלט־אטמאָספערע פאר׳סמ׳ט געגען אונז און אונטערגעמינעוועט דעם באָדען אונטער אונזערע פיס.

די עטלאכע דרייסיג מלוכה פאָרשטעהער אין עוויאן, האָבען מיט גרוים דרך־ארץ אויסגעהערט דעם הומאַנעם אפּיל פון פרעזידענט רוזוועלט, בפה־אחד האָבען זיי אלע מסכים געווען מיטן פּרעזידענט — אז מען דארף קומען צו הילף. די יסורים ליידענדע און געפייניגטע אין דייטשלאנד און געפינען א מקום־מקלט פאר די לאנדלאָזע ארומוואָגלענדע, פון לאנד אין לאנד ארומגע־טריבענע פליכטלינגע. מאַנכע האָבען נאָך געהאלטען העכסט סימפּאטישע רע־דעס פאר די ליידענדע און ארומוואָגלער, געלויבט דעם אמעריקאנער פּרעזי־דענט פאר זיין נאָבעלע האנדלונג, האָבען ווידערהאָלט די הבטחה פון זייערע רעגירונגען צו געבען די פולסטע קאָאָפּעראַציע, בנשימה־אחת האָבען זיי אָבער מאָמענטאַל צוגעגעבען וואָס שייך פּלאץ, לאנד, וואו צו באַזעצען די גע׳רודפ׳־טע אין זייערע לענדער איז פאר זייערט וועגען ניטאָ, די מדינה איז געדיכט באַפעלקערט, דאָס לאנד איז צו ענג, ליידט עקאָנאָמיש, צופיל ארבייטסלאָזע געהן ארום, ניטאָ קיין עסען גענוג, די ערד קען בלויז שפּייזען און די זון קען בלויז ווארימען די באַזעסענע איינוואוינער אין לאנד אָבער ניט מער.

מאַנכע דעליגירטע פאָרשטעהער פון לענדער וואָס האלטען פאר דער וועלט אונאויפהערלאך אין רעקלאמירען זייער ליבעראליזים און פּראָגרעסיוו־קייט זענען געווען נאָך מער אָפענהערציגער, האָבען פשוט מיט אָפענע ווער־טער דערקלערט אויף דער קאָנפערענץ, אז דער עלעמענט איז ניט צוגעפּאסט פאר זייערע מדינות, זיי ווילען ניט דערמוטיגען קיין אנדערע ראסען אריינצו־קומען אין זייערע לענדער, פריער אָדער שפּעטער פארשאפט דאָס רייבונגען און צווייסטיגקייטען צווישען די באַזונדערע נאַציאָנאליטעטען און זיי ווילען לעבען במנוחה, האלטען זייערע מדינות פאר זיך.

די מערסטע דעלעגאטען האָבען אויסגעהיטען זיך ארויסצורעדען דאָס וואָרט א י ד כמעט אלע האָבען זיי גערעדט בלשון סגי־נהור — די גע׳רודפ׳־טע, פארוואָגעלטע פּליכטלינגע. אלע האָבען זיי אויסגעדריקט רחמנות, סימפּא־

טיע מיט די ליידענדע און נע־ונד'ניקעס, מאָמענטאל האָבען זיי צוגעגעבען אז אין זייערע לענדער איז פאר די ארויסגעטריבענע און וואָגלער קיין אָרט ניטאָ.

און היות עס איז קיין פּלאַץ ניטאָ אין די עטלאכע דרייסיג לענדער פאר די אומגליקלאכע פון די אומגליקלאכסטע אידישע פּליטים האָבען די דעלעגירטע פאָרשטעהער און שטאַטסלייט געבראכט די וועלט־מאַפּע — אפשר וועט ערגעץ געפונען ווערען א ווינקעל אויפן כדור־הארץ וואוהין די פּליכטלינגען אוועקצושיקען.

האָט מען אויסגעשפּרייט די וועלט־מאַפּע אויפן גרינעם טיש, אָנגעהויבען פאָרשען און נישטערען די ווילדסטע מדבריות אונטער די הרי־חושך. די פאר־וואָרפענסטע אינזלען, ווייטסטע קאָלאָניעס אין קלימאטור ווילד משונה'דיגע געגענדען און געפונען האָבען די דעלעגירטע שטאַטסלייט און פּאָליטיקער אין עוויאן, קאָלאָניעס און אינזלען, וואָס פריער האָט די וועלט, ובפרט מיר אידען כמעט ווי גאָר ניט געוואוסט פון זייער עקזיסטענץ.

זיי האָבען געפונען אונבאַזעצטע ווילדע און האלב ווילדע טעריטאָריעס, באוואוינט פון ווילדע און האלב ווילדע שבטים, מיט ווילדען קלימאט און ווילדע נאטור, און דאָרטען האָבען די בעלי־רחמנות'דיגע גוטהארציגע מלוכה פּאָרשטעהער, אָן לאנגע דעבאטען, זיך געאייניגט, וועט זיין די פּאסיגסטע רוהיגסטע פּלעצער אריבערצופּעקלען די אומגליקלאך גע'רודפ'טע און פון מלאך המות געיאָגטע אידישע פּליכטלינגען פון דעם קאניבאלען דייטשען גהינום.

האָבען די מלוכה פּאָרשטעהער אין עוויאן גאנץ גוט געוואוסט, בעת זיי האָבען זיך געאייניגט אויף די ווילדע פארוואָרפענסטע קאָלאָניעס, אז די אלע קאָלאָניאלע טעריטאָריעס זענען ניט פּאסיג פאר מאָמענטאלע קאָלאָניזאציע, פאר באלדיגע רעטונג. עס מוז איבערגעהן א דור, אָדער נאָך לענגער איידער אזעלכע אונציוויליזירטע ווילדע געגענדען זאָלען ראוי זיין צו שטעהן אויף אייגענע פיס — קענען שפּייזען און דערנערען פון דער אייגענער ארבייט, די באזעסענע און צוגעקומענע מענשען.

זיי האָבען גאנץ געוואוסט, די „ליבעראל הומאניטארע" שטאַטסלייט און פּאָליטיקער אין עוויאן, וואָס האָבען אויסגעזוכט די אינגאנצען ווילדע און האלב ווילדע קאָלאָניעס און טעריטאָריעס, אז צייטווייליג קען גאָר קיין רייד ניט זיין פון קיין גרויסער אימיגראציע אין די אומגעזונטע טראָפּישע זומפּיגע

מקומות. די מענשען וועט פשוט אויסקומען דאָרטען אויסצוגעהן פון הונגער, שטארבען פון וועלכען קלימאטישען חולאת, אָדער פארצוקט ווערען פון ווילד ארומלויפענדע חיות־רעות און דאָ האַנדעלט זיך דאָך ממש אין סכנות־נפשות — מען מוז שוין ראטעווען, מען טאָר נישט אָבוואַרטען און אָבלייגען. דער טייוועל פון גהינום, לויפט בליץ שנעל ארום, מאָרדעט, פייניגט, ציט לעבעדיגע אָדערען, דערשטיקט, שעכט גרויס און קליין, יונג און אַלט, שוואכע און קראנקע, מען מוז שוין, תיכף־ומיד ארויסראטעווען פון טייוואָלישע פייניגער אַז ניט וועלען די הילפסלאָזע קרבנות צאפּעלדיג און קאָנוואולסיוו אונטערגעהן אונטער די הענט פון פייניגער און די אלע קאָלאָניאלע טעריטאָריעס, סימפּאַטישע רעדעס און גוטע וואונשען, וועלען דאן לחלוטין איבריג זיין.

יאָ זיי האָבען דאָס גאַנץ גוט געוואוסט, די הויכע נאָבעלליטעט און דיפּלאָמאַטען אין עוויאן. די עטלאכע דרייסיג מלוכה פאָרשטעהער האָבען גענוי געוואוסט וועגען די אונגעהייער גרויסע שטחים לײדיג אונקולטיווירטען באָדען וואָס געפינט זיך אונטער זייער ממשלה. וויפיל ריזיג גרויסע שטרעקעס לאַנד עס פוסטעוועט, שטעהט ליידיג אונבאַפּעלקערט, אין זייערע מעכטיג גרויסע מדינות, באהערשטע אונבאַזעצטע ציוויליזירטע קאָלאָניעס, דאָמיניאָנס און פּראָטעקטאָראַטען „וואו די זון געהט קיינמאָל ניט אונטער".

זיי האָבען אָבער אין ערגעץ ניט געקאָנט געפונען קיין פּלאַץ, פאר די גע־פייניגטע, געמוטשעטע, ארומוואָגלענדע איבער וויסטענישען און פעלדער צווישען זומפּען אין קיינעמס־לאַנד אויף צופאָרענע שלעפּ שיפען אידישע פּליטים. יעדער מלוכה פאָרשטעהער, האָט געהאלטען אַז זיין מדינה איז ניט צוגעפּאסט, צוליב כמה וכמה טעמים, אויפצונעמען נייע אידישע אימיגראַנטען. ניטאָ קיין אָרט און קיין פּלאַץ פאר זייערט וועגען אין די מדינות. די אידען וואָס געפינען זיך ביי זיי, איז זיי אויך שוין גענוג, די והותר. האָבען זיי געזוכט און גע־בּישטערט אויף די וועלט מאַפּע און געפונען די איינציג פּאסיגע פּלעצער, ווילדע און האַלב־ווילדע טעריטאָריאלע געגענדען באזעצט פון ווילדע שבטים אין ווילדע קלימאַטען.

צו קליין איז די וועלט געוואָרען פאר אונז. אין דער ציוויליזירטער וועלט צווישען ציוויליזירטע פעלקער איז אין ערגעץ ניטאָ קיין פּלאַץ פאר אונזערט וועגען.

און נאָך דעם ווי דעליגירטע מלוכה־לייט האָבען דערפילט זייער שליחות — האָבען אויסגעזוכט און מיט די פינגער אָנגעוויזען פּלעצער וואוהין די צו־

פלינדערטע צורויבטע אויף דער רשעות'דיגע ערד ארומגעטריבענע אידישע נפשות קענען זיך אריבערפעקלען, זענען ווידער געהאלטען געוואָרען צביעות'־דיגע היפּאָקריטישע רחמנות רעדעס, עטלאכע פארווע רעזאָלוציעס זענען אָנ־גענומען געוואָרען און מיט פרומע אויגען גלאָצענדע אָפּשפּרעכונגען פארן בלו־טיגען שטן־המשחית האָט די פיל פארשפּרעכענדע אינטערנאציאָנאלע קאָנפער־רענץ אין עוויאן זיך פארענדיגט.

צופרידענע זענען די עטלאכע דרייסיג מלוכה פאָרשטעהער אהיים געפאָרען, זיי האָבען דערפילט דעם אמעריקאנער פרעזידענטס בקשה, האָבען זיין הומאַ־ניטארען אפיל די פולסטע קאָאָפעראציע געגעבען, האָבען פולשטענדיג דערפילט זייערע פונקציעס, דער ענין ליידענדע, ארומגעטריבענע, וואָגלער, איז דער־ליידיגט, על־צד־היותר־טוב, זייער מענשלאך ציוויליזירטער געוויסען איז ריין און באפרידיגט...

אזוי האָט זיך פארענדיגט דער פעלקער צוזאמענקונפט אין עוויאן, וואָס האָט געזאָלט אויסדריקען און לאָזען הערען די שטימע פון די ציוויליזירטע וועלט, באווייזען אז דער רחמנות געפיהל און דאָס הארץ פון דער וועלט איז נאָך איננגאנצען ניט אָבגעטטויט און איז געוועןן דער לעצטער שטראל פון האָפ־נונג פאר די גלויביגע אין דער פראָגרעסיוו ציוויליזירטער וועלט און פון די צענדליגע טויזענטער אומגליקלאך, גע'רודפ'טע צובראָכענע און עלענדע, אי־דישע פליכטלינגען אויף ימים און יבשה.

זענען די צענדליגע טויזענטער אידישע נפשות, רואינירטע, צושטויבטע, צוקיילטע און צובייילטע פארפאָלגטע און ארומגעשליידערטע פון פלאץ צו פלאץ געיאָגט און ארומגעטריבען פון דער סאדיסטיש בלוט זויפענדע נאצי חיה נאָך די עוויאן קאָנפערענץ געבליבען הילפסלאָזער, שוצלאָזער און הפקרדיגער. הערט זיך די טייוואָלישע שטים פון בלוטדורשטיגען נאצי נוגש וואָס שרייט מיט מעפיסטאָפליש געלעכטער צו די צוטראָטענע און צעוואונדעטע אידישע מענער און פרויען, קליינע עופה'לאך און האלב־טויטע זקנים — מארש, אהין געהט, וואו די ערד איז שטיין, דער הימעל קופער, די לופט סם, וואו די עטלאכע דרייסיג דעליגירטע מלוכה פאָרשטעהער אין עוויאן האָבען פאר אייך אויסגע־זוכט און געפינען פלאץ. פאלען טויזנטער אונטער די שניידענדע בלוטיגע בייטש, צו'ממית'טע, פאר'חלש'טע און דער'הרג'טע און די עטלאכע דרייסיג פעלקער וואָס האָבען געשיקט זייערע פאָרשטעהער קיין עוויאן, זעהן דאָס צו און פילען דערביי ניט קיין וועהטאָג און קיין חרפה. אָפּגעשלאָסען האָבען

די פעלקער זייערע לענדער פאר אונז, זיי האָבען דעם אקען צו אונז אומגע־קערט, ניט צו זעהן דעם שוידערלאכען טראגיזים און אונגליקלאכען בראָך וואָס האָט קיין גלייכען ניט אין דער וועלט פון רשעות און בארבאריזים, וואָס ווערט טאָג טעגלאך אנטקעגען אונז באגאנגען.

וואלגערען זיך טויזענטער אידען, וואָס זענען פון דער פארדאָרבענסטער רשעות אין דער מענשלאכער געשיכטע, פון איין לאנד ארויסגעטריבען געוואָ־רען אין קיין אנדער לאנד ניט אריינגעלאָזען, צווישען פעלדער און וועלדער, צווישען וויסטענישען און טאָלען, צווישען גרענעץ און גרענעץ, צווישען איין לאנד און צווייטען.

זייערע פארצווייפעלטע הארצרייסענדע נערוועזן אויפטרייסלענדע געשריי־ען און רחמים געבעטען, מען זאָל זיי ראטעווען פון פארצערענדען דייטשען גיהנום, אריינלאָזען זיי ערגעץ, געבען זיי באָדען אונטער זייערע צוקלאפטע, צובלוטיגטע פיס, לאָזען זיי אוועקלייגען דעם צוקלאפטען קאָפ, זאָל זיין א דירת־עראי, א פראָוויזאָרישער מקום־מנוחה, כאָטש צייטווייליג דעם צופאסע־וועט פארוואונדעטען קערפער קענען אָברוהען — הערט זיך מסוף העולם ועד סופו. געוואָרען איז אָבער די גאנצע וועלט איין שוידערלאכע סדום. קיינער וויל קיין טיר ניט עפענען פארן צורויבטען צופלינדערטען און דערשלאָגענעם איד. קיינער וויל אונזער שמערץ און יסורים'דיגען וועהטאָג ניט פילען. אונזערע געשרייען וויל קיינער ניט הערען און קיינער וויל אונז ניט אויפריכטיג און ערנסט קומען צו הילף.

וואָגלען שיפען איבער ימים און ברייטע וואסערען, מיט אויסגעוואָרצעל־טע און ארויסגעשטויסענע פון דער היים פארשניטענע אומגליקלאכע גייסטיג און פיזיש רואינירטע מענער און פרויען, שוואכע צובראָכענע גוס'סדיגע זקנים און יונגע אונשולדיגע קינדער מיט די מאַמעס מילך אויף זייערע ליפעלאך וועמענס איינציגער חטא באשטעהט, זיי זענען געבוירען געוואָרען ביי אידישע טאטע מאמע. שווימען די שיפען ארום צווישען הימעל און וואסער, געשליי־דערט און געוואָרפען פון די ברויזענדע כוואליעס מיט דעם ניט געווינשטען מענשלאכען באגאזש, מיט דעם איבריג ווערטלאָזען מענשלאכען באלאסט, וואָס קיין לאנד דערלאָזט ניט אויסצולאָדען און קיין לאנד וויל ניט דעם מענשלאכען באגאזש ביי זיך האָבען.

די יאָמערדיקע הילפס־רופען פון די אומגליקלאך שוידערלאך געפייניגטע אויף די תפיסה שיפען, רייסען די הימלען. דאָס שטילע קרעכצען און מורא'דיי־

נע קלאַנגען פון די זקנים און קליינע עופה׳לאך שטורעמט די ברויזענדע וואסע־רען פון טיפען תהום. און די וועלט, האָט באוואָפענטע סאָלדאטען מיט אַנגע־לאָדענע ביקסען און הארמאַטען ביי די ים ברעגען אוועקגעשטעלט ניט צו דער־לאָזען, אז די אנטרונענע פון פייערדיג דייטשען גיהנום זאָלען פון די וואסער־דיגע תפיסה־שיפען אויף באָדען זייערע צוקאליעטשעטע פארוואונדעטע פיס אוועקשטעלען.

בלאָנקען ציללאָז שיפען צווישען שטורעמדיגע וואסערען און ברויזענדע רוגזה׳דיגע ים כוואליעס. שווימען ארום מיט די אנטרונענע אידישע פליטים פון ברעג צו ברעג. אין ערגעץ ווערען זיי ניט אריינגעלאָזען, קיינער וויל זיי ניט האָבען, ווי זיי וואָלטען די ערגסטע פארברעכער געווען — מצורעים, אָדער ווילדע חיות וואָס זענען א געפאר פאר לעבעדיגע מענשען.

פארמאָגט די וועלט פלאץ פאר צוויי ביליאָן מענשען, גרוים גענוג איז די וועלט נאָך אזוי פיל מענשען אויפצוהאלטען און שפייזען. שטעהן אונגעהייער ריזיגע שטרעקעס באָדען פארלאָזט און אונקולטיווירט אין גרויסע לענדער מיט וועהניג איינוואוינער. פאר אונז אָבער האָט די וועלט קיין אָרט ניט, פאר אונז איז די וועלט צו קליין, פאר אונז איז קיין ערד ניטאָ דעם פוס אוועקצושטעלען — פאר די צענדליגע טויזענטער אכזריות ארויסגע־ריסענע, צושטויבטע און צובראָכענע אידען איז אין דער גאנצער גרויסער צי־וויליזירטער וועלט אין ערגעץ קיין פלאץ ניטאָ.

וואנדערען מחנות׳ווייז, ווי פון א שטורעם געיאָגטע דערשראָקענע טויבען אונזערע דערשלאָגענע אין יסורים געפייניגטע שוועסטער און ברידער אין צענ־טראל אייראָפא, אויף אלע וועגען און שטעגען, וועמען ערד און הימעל האָבן דורכן מויל פון רוצחים באנדיטען דערקלערט אלס פרעמדע, איגנאנצען איברי־גע, מיט צובלוטיגטע, פארוואונדעטע פיס, מיט די טאָרבע אויף די פלייצעס און שטעקען אין האנט, ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, געטריבען און גע־פלאָגט פון ווילדע פארצוקענדע בלוטדורשטיגע וועלף און קענען אין ערגעץ קיין באשיצונג ניט געפינען. אין ערגעץ אין קיין לאנד, איז פאר זיי קיין פלאץ ניטאָ דעם מידען צוקלאפטען קאָפ און צופייניגטען פארוואונדעטען קערפער אוועקצולייגען אָברוהען.

פאר דער עוויאנער קאָנפערענץ האָבען מיר נאָך געמיינט, אז דאָס בושע־ווען פון די פינסטערע כחות אין איין טייל אין אייראָפא, האָט אינגאנצען ניט

אָבגעטעמפּט די מענשהייטס געוויסען און רחמנות. אז די מערסטע פעלקער, האָבען זיך ניט געלאָזט אָנשטעקען, מיט דער ווילד אכזריות'דיגע דעמאָראַלי־זאציע און רשעות, וואָס די בלאָנדע דייטשע בעסטיעס זוכען די וועלט צו פאַר־פּעסטען און צום פינסטערען מיטעלאַלטער צוריקשטויסען — האָט די אינטער־נאַציאָנאַלע אסיפה אין עוויאַן באַוויזען, אז אכזריות האָט א ברוטאַליזירענדע ווירקונג, איז אַן אָנשטעקענדיגע חולאת, האָט פאַרטעמפּט דאָס געוויסען און אַטראָפירט די מענשלאַכע חושים פון די ציוויליזירטע וועלט און געמאַכט די מענשען אינגאַנצען גלייכגילטיג צו די גרויזאַמסטע באַרבאַרישסטע מעשים.

די עוויאַנער קאָנפערענץ האָט באַוויזען, אז דער מענש האָט פאַרגעסען אין דעם מענש אין זיך. ער וויל פון מענש מער ניט וויסען און אויב פעלקער און לענדער, באַוועגען זיך ניט נאָכצוטאָן דעםביישפּיל פון די ווילקירלאַך אומדערהערט שוידערלאַך בלוטיגע רציחות פון די בלאָנדע דייטשע בעסטיעס, האָבען אָבער די ברוטאַלע און באַרבאַרישע מעשים פון די בלוטזויפענדע נאַצי חיות געגען שוואַכע הילפסלאָזע מענשען געהאַט אויף זיי אזא ברוטאַליזירענדע השפעה, אז עס האָט אינגאַנצען אָפּגעטויט דעם מענשלאַכען געוויסען און דאָס מענשלאַכע האַרץ אויף דער וועלט.

אויב עטלאַכע דרייסיג פעלקער, האָבען ניט אויפגעשוידערט מיט די שאַרפסטע פאַרדאַמונג, געגען די חוצפה'דיגע בלוטיגע נאַצי־ברוטאַליטעטען, וואָס ווערען מיט אַזאַ גרויזאַם סאַדיסטישען שוידער טאָג טעגלאַך אָנגעווענדט, געגען א מינאָריטעט אונשולדיגע מענשען — זענען ניט געקומען צו הילף, אָדער אַרויסראַטעווען זיי פון דעם פייערדיג, פלאַקערדיגען גיהנום, זענען די דאָזיגע פעלקער אליין ניט אויסגעהיט אז די זעלבע אכזריות זאָלען זיי ביי זיך אין זייערע מדינות פּראַקטיצירען און געפינען געגנוג תירוצים און ענטשולדי־גונגען פאַר זייער דורכפירענדע אונטערדריקונג און ברוטאַלע גרוילטאַטען צו די מינאָריטעטען אין זייערע אייגענע לענדער.

די קאַלטבלוטיגע, גלייכגילטיגע באַציאונג פון עטלאַכע דרייסיג פעלקער, צו די אומדערהערטע שוידערלאַכסטע טייוואַלישע רשעות פון די נאַצי משחי־תים געגען שוצלאָז הילפסלאָזע מענער און פרויען, שוואַכע זקנים און זויג־קינדער, האָט בולט אַרויסגעבראַכט די קאַפּיטולירונג פון מענשלאַכע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, צום דערשלאָגענעם שוואַכען און ליידענדען מענש אין צוזאַ־מענבראָך פון מענשלאַכער מאָראַל און מענשלאַכע ציוויליזאַציע.

עוויאַן, האָט שאַרף ווי נאָר מעגלאך אַרויסגעבראַכט, אַז ניט בלויז איין ווינקעל אין דער וועלט, איז צוריקגעשלעפּט געוואָרען צום פינסטערען מיטעל־אַלטער, נאָר די גאַנצע וועלט, ווערט פון א געהיימער פאַרדאָרבענע טייוואַלישע מאַכט געשטויסען צו תהו־ובוהו אין פינסטערען שאול־תחתיות אריין.

מער פון אַליץ און פון אַלעמען, האָט עוויאַן עפענטלאַך באַוויזען אונזער טראַגיש שווידערלאַך אומגליקלאַכען מצב אין דער ברוטאַליזירטער פאַר׳חיה׳־טער וועלט.

מיט דעם דורכפאַל פון די עוויאַנער קאָנפערענץ, דאָס וואָס עטלאַכע דרייסיג פעלקער האָבען ניט געקאָנט געפינען קיין פּלאַץ אין דער ציוויליזירטער וועלט פאַר די גרויזאַם פאַרפאָלגטע, אינקוויזיטאָריש געפּייניגטע און גע־רודפ׳טע אידישע אַרומגעטריבענע פּליטים פון לאַנד צו לאַנד, פון גרענעץ צו גרענעץ, איבער בערג און טאָלען, פעלדער און וויסטע זומפּען, איבער ימים און וואַסערען האָט עוויאַן, עפענטלאַך בקול־רם אויסגעשריען אַז די גאַנצע וועלט און פעלקער זאָלען הערען, אַז אונזער פּלאַץ איז ניט צווישען ציוויליזיר־טע מענשען און ציוויליזירטע פעלקער נאָר אין ווילדע געגענדען, אונציוויליזירטע קאָלאָניעס, מדבריות און דזשאָנגעל און אַז ניט בלויז אונטער די ממשלת־זדון, די ניי אויפגעשטאַנענע טשינגיז־כאַן מלוכה אין דייטשלאַנד וויל מען אונז ניט האָבען, נאָר די עטלאַכע דרייסיג פעלקער ווילען אונז ניט האָבען, אַז מיר זענען געוואָרען איבריג אויף דער וועלט, אַז פאַר אונזערט וועגען איז אויף גאָט׳ס ערד אין ערגעץ קיין פּלאַץ ניטאָ דעם פוס אוועקצושטעלען.

געוויזען האָט אונז דער פעלקער צוזאַמענקונפט אין עוויאַן דעם אמת׳ן פּרצוף פון דער היינטיגער פאַר׳חיה׳טער וועלט, אַז אַלע טעאָריעס וועגען ווי־סענשאַפט, דעמאָקראַטיע, ליבעראַליזם, פּאָרשריט און אַלגעמיינע בילדונג אַלס אונזערע דערלייזער, האָבען זיך אויסגעלאָזט צו זיין א בייזער חלום, האָבען געפּלאַצט ווי א זייפענבלאָז. אויפן געביט פון שנאה צו אונז אידען, האָט צי־וויליזאַציע, פּראָגרעס און וויסענשאַפט קיין שום איינפלוס ניט געהאַט צו פאַר־בעסערען אונזער פינסטערער מערכה אין דער וועלט. די שנאה צו אונז, איז היינט נאָך אפשר ערגער ווי אין די גרוי אַלטע צייטען. מיר זענען די שטיף קינדער אויף דער וועלט. אַלע צרות, קאַטאַסטראָפעס, וועלט־אומגליקען, וואָס טרעפט די וועלט, ווערען מיר באַשולדיגט אַלס די פאַראורזאַכער און מיר זענען געווען און זענען געבליבען, דער וועלט׳ס שעיר־לאַזאַזל, אויף וועמען די וועלט וואַרפט שטענדיג אַרויף, יעדער צרה שלא תבוא בעולם.

צוזאמענגערופען געוואָרען איז די עוויאַן קאָנפערענץ, צו העלפען די קרבנות פון בלוטיגען נאַצי־רעזשים און געפונען פלאץ פאר די גע׳רודפ׳טע און ארומגעטריבענע פון גרענעץ צו גרענעץ אין די אומגליקלאכע אויף די תפיסה שיפען. אויסגעלאָזט האָט זיך, אנשטאט די קאָנפערענץ זאָל ברענגען הילף די געפייניגטע קרבנות און ארומוואָגלער אויף יבשה און אויף וואסער, איז די קאָנפערענץ געווען ווי זאלץ אויף די צעבלוטיגטע אייטערדיגע וואונדען.

די עוויאנער קאָנפערענץ האָט אויפגעדעקט דעם שלייער פון די צביעות׳־דיגע פעלקער וועלכע פרעטענדירען פאר דער וועלט מיט זייער קולטורעלקייט און הומאניטאַרקייט און האָט בולט באוויזען זייער מאָראלישע געפאלענקייט, דעגראדירטע מענשלאכקייט און פאלשע היפאָקריטססטווא.

די רעזולטאטען פון דער עוויאנער קאָנפערענץ זענען געווען א זיג פאר די נאַצי משחיתים, אז מיר אידען זענען הפקר כעפרא דארעא, אז פאר אונז איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל זיך אָננעהמען. מיט אונז מעג מען זיך באַגעהן אויף דעם בלוטיגסטען בארבארישסטען אופן, אז פאר אונז איז ניטאָ קיין דין און קיין משפט און אויב עס געלינגט וועלכע פון אונזערע פארפאָלגטע, גע׳רודפ׳־טע, צובלוטיגטע און פארוואונדעטע שוועסטער און ברידער ארויסצורייסען און ארויסצוראטעווען זיך פון די בלוטיגע נאַצי חיה׳שע לאַפּעס, איז ניטאָ וואו זיך צו ראטעווען, ניטאָ וואוהין צו אנטלויפען און ערגעץ אויף דער גאנצער וועלט איז קיין פלאץ ניטאָ, נאָר איין אויסוועג איז פאראן באַגעהן זעלבסט־מאָרד, אָדער ווארפען זיך אין וואסער אריין.

די עוויאנער קאָנפערענץ האָט בולט ארויסגעבראכט ווי ברוטאליזירט די וועלט איז געוואָרען און ווי צושטערענד די נאַצי־מיקראָבען האָבען טיף אריינ־געדרונגען אין די וועלט און אין מענשלאכע הערצער און האָט ספּעציעל אק־צענטירט אונזער עלענדקייט, הילפסלאָזיקייט, שוצלאָזיקייט און הפקר׳דיג־קייט אין א וועלט פון ערגסטען מיטעלאלטערלאכען אויפגעלעבטען הונען באר־באריזם און חיה׳ש ווילדען קאניבאליזם...

און שיפען פאָהרען אויפן ים.

זענען דאָס ניט קיין שיפען, וואָס דער מענש האָט געקאָנט א מאָל, פאַר־צייטען — קליינע צעשראָקענע, וואקעלדיגע, שמאָל־לאנגע מילטערען, געטרי־בען פון ווינט און געוואָרפען פון כוואליעס — היינט זענען דאָס גאנצע שטעט, שווימענדע פעסט געבויטע שטעט מיט אלע באקוועמלאכקייטען, מיט אלע פארגעניגענס.

אמאָל, אין די אוראלטע צייטען האָבען שטעט מיט אזוי פיל מענשען, ווי אויף היינטיגע שיפען פארמאָגט אן אייגענעם מלך און רעגירונג, היינט איז דער מענש קעניג פאר זיך אליין.

דער מענש הערשט איבער דער וועלט. באהערשט אלס אין דער וועלט — די ערד און די ימים.

טראָגען זיך ווי בליצען שנעל מעכטיגע הייסע שטראָמען אויפן ים, פון דרום צום צפון, גיגאנטישע קאלטע שטראָמען פון צפון צום דרום. רייסען מעכטיגע שטורעם ווינטען אויף די געהיימניספולע טיפענישען פון ים און שלײדערען זיי מיט ריזען כח אין דער לופטען צום הימעל ארויף — דעם מענ־שענס שטאָלענע שווימענדע שטעט שרעקט דאָס ניט. דאָס פייער ארבייט אויפן וואסער. קרייצט די שטורמדיגע ימים, הערשעריש שניידען דורך די שטאָלענע ריזיגע שטעט. מיט זייער אייזערנער ברוסט די הייסע און קאלטע ים שטראָ־מען. שטאָלץ מיט אויפגעהויבענע נעז ברעכען זיי דורך די הויכע רוגזה'דיגע וואסער כוואליעס און זיגעריש פירען זיי צו זייער ציעל, וואוהין דעם מענשענס גייסט באפעלט זיי.

הערשער איז דער מענש געוואָרען. הערשער איבער דער נאַטור און איי־רע כחות, הערשער איבער דער ערד און ימים. — דער מענש הערשט!

צו האָט דער מענש, וואָס האָט מיט זיין מח דערגרייכט די הויכע הימלישע ספערען, זיך דערגרונטעוועט צו די כחות פון די נאַטור און איינגעשפּאַנט זיי פאַר זיין נוצען און הערשאַפט, אויסגענוצט די דערגרייכונגען און אונבאַגרעניצטע נאַטור־רייכטימער צום גליק און צופרידענהייט פון דער מענשהייט?

האָט דער דערפינדעריש אונאויפהערלאך גייסטיג שטייגענדער אַל־ווי־סענדער מענש, מיט זיין אויסוואקסען און פאַנטאַסטיש אונגלויבלאַך קאָלאָסאַלע דערפאָלגען און באַהערשען די וועלט און די נאַטור־כחות, דערגרייכט צו די שטופע פאַר וועלכע ער איז באַשטימט געוואָרען?

לעבט דער מענש מער צופרידען זייט ער איז געוואָרען דער מושל און רעגירער איבער די ערד און ימים?

האָבען די וואונדערלאַכע דערפינדונגען און אנטדעקונגען וואָס האָבען באַצוועקט צו מאַכען דאָס מענשלאַכע לעבען שענער, בעסער און באַקוועמער די הונדערטער יאָרען פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס, קולטור און אויפקלע־רונגען וואָס האָבען דורות כסדר אָנגעהאַלטען אין פאַרוואָרצלען זיך אין מענש, אָבגעטויט די חיה וואָס איז אין מענש אין זיינע פּרימיטיווע רוי ברוטאַלע אינסטינקטען פון זיין אוראַלטען משֵשת־ימי־בראשית'דיגען אָבשטאַם?

די ארומבלאָנזשענדע שיפען אויף די שבעה ימים אין ברייטע וואַסערען, מיט די אינקוויזיטאָריש צעפייניגטע, פאַרוואונדעטע, הונגעריגע, נאַקעט און באָרוויסע מענער און פרויען, פאַר'חלש'טע זקנים און עופּה'לאַך. דאָס גריל־צענדע יאָמערדיגע פייפען און ברומען פון די אריינגעוואָרפענע וואָגלענדע שיפען צווישען הימעל און שטורמדיג בייזע וואַסערען מיט די הימעל שפּאַל־טענדע פאַרצווייפעלטע יללות פון די מיטן מלאך־המות ראַנגלענדע מענער און פרויען אין קאָנוואולסיוו אנטגעהענדע קליינע קינדער, הערט זיך דער מעכטיגער ענטפער וואָס גרייכט מסוף עולם ועד סוף עולם — ניין! דער מענש האָט לחלוטין ניט פּראָגרעסירט. דער מענש האָט ניט דערגרייכט צו די מדרגה פאַר וועלכען ער איז באַשאַפען געוואָרען. די אַלע דערפינדונגען, אנטדעקונגען און ענטוויקעלטען מענשלאַכען שכל האָבען ניט געהאַט די מינדסטע השפּעה צו מאַכען איהם בעסער, אויסוואָרצלען דאָס חיה'שע און

בעסטיאלישע אין אים, מאכען אים פאר א מענש. נאָך די אלע מענשלאכע דערגרייכונגען שטעהט דער מענש אויף די זעלבע מדרגה בעת זיין יצירה.

די ברוטאלע חיה, וואָס ליגט טיף אינעווענינ אין אָבגרונד אינם מענש, די חיה'שע אינסטינקטען פון רציחה, בלוט, תאוה, צו דערשטיקען און דער־ווערגען דעם שוואכערען, הילפסלאָזען און פארצוויפעלטען, פאסענווייז מיט סאדיסטישע הנאה פון דעם צאפּעלדיגען קרבן רייסען שטיקער און לעקען זייןווארים בלוט איבער וועלכען דעם מענש איז נאָך הונדערטער יאָהרען פון שווערע מיה און ראנגעלנישען מיט די ווילדע נאטור כחות וואָס אין איהם, געלונגען צו קאָנטראָלירען — האָט מיט איינמאָל דורכגעריסען און פארווארפען די קייטען וואָס דער מענש האָט פאר דורות לאנג אים אָנגעטאָהן. האָט צושמ־טערט און צובראָכען אלע צוימען און ארויסגעבראָכען אויף די אויבערפלאך פון מענש, האָט פארוויסט און אינגאנצען אויסגעוואָרצעלט די לאנגע יאָהרען פון שווערע ארבייט וואָס דער מענש האָט אויף זיך געארבייט צו זיין א מענש — ויהי האדם לנפש חיה, דער מענש איז צוריק געוואָרען דאָס וואָס ער איז געוועזן בעת זיין באשאַף — א חיה!

רעוואָלטירט האָבען די ווילדע נאטור כוחות אינם מענש. דערוואכט האָט די שלאָפענדע חיה אין דער מענשלאכער ברוסט.

אן איבערקערעניש איז פאָרגעקומען אין מענש. אין א גיהנום פייער האָט זיך דער פון דורות אָנגעזאמעלטער איינגעהאלטענער חיה'שע צאָרן צוברענט. אויפגעפלאקערט האָבען די חיה'שע ליידענשאפטען, וואָס זענען אונטערן דרוק פון קולטור און ציוויליזאציע, פון וויסענשאפט און פראָגרעס אין מענש שטיל געלעגען באהאלטען. מענשלאכקייט, רחמנות, יושר, חרפה, איינזעהעניש, ליבע, מיטלייד — דאָס אלס איז ווי מיט איינמאָל מיט ווילד חיה'שע רוגזה צושמע־טערט און חרוב געוואָרען פון דער אויפשטייגענדע חיה אין מענש.

אין די ריזיגע דערפאָלגען פון מענש און זיינע דערגרייכונגען צו באַ־הערשען די וועלט, די ערד און די ימים איז די חיה אין מענש אויפגעשטאנען און איהם אליין באהערשט. אין געיעג נאָך מאכט און תאוה צו הערשאפט, איז דאָס מענשלאכע אין מענש כמעט אינגאנצען אָפּגעשוועקט געוואָרען. אין א פארצוקענדע חיה איז דער מענש פארוואנדעלט געוואָרען און האָט זיך מיט טייוואלישע ווילדקייט, ארויסגעלאָזט דערשטיקען און דערווערגען שוואכערע פון אים, צוטרעטען זיי און באהערשען.

א ריזיגען שפּרונג געטון האָט דער מענש אויף צוריק. אפילו דעם מיטעל־אַלטער אריבערגעשפּרונגען. די מענשלאכע קליידער פון הונדערטער יאָרען, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטען אין קליידען זיך, האָט ער מיט איינמאָל פון זיך ארונטערגעוואָרפען, און געבליבען אין זיין חיה'שע נאקעטקייט.

איז אונז ניט פרעמד מענשלאכע רשעות. פון די פינסטערע מיטעלאלטער־לעכע בארבארישע צייטען זענען אונז גענוג באקאנט מענשלאכע ווילדקייט, מענשלאכע אכזריות און מענשלאכע פארדאָרבנקייט. ווען מיר האָבן געלייענט וועגען זיי, האָבען מיר געשטוינט, איז דער מענש געוועזן אמאָל פעהיג צו באַגעהן אזעלכע בלוט־פארגליווערטע גרויל טאַטען געגען אייגענעם מין מענש.

דאָס איז אָבער פאָרגעקומען בשעת די מענשהייט האָט אָנגעהאַלטען אין פראָצעס פון אויסקריסטאַליזירען זיך פון איר ווילקירלאכקייט און חיה'שקייט, אין די צייטען פון מיטעלאַלטער. מענשען זענען געוועזן באהערשט פון זייערע טירישע אינסטינקטען, זענען געוועזן פארווילדט בלוט־דורשטיג, פאנאטיש און אבערגלויבעריש. התחלת שפּראָצונגען פאר שטופּענווייזע ציוויליזאציע און פּראָגרעס פון דער מענשהייט האָבען זיך שוין געהאַלטען אין באווייזען. פון באַזונדערע ווינקלען אין דער וועלט האָבען מענשלאכע שטראַלען דורכגעבליצט די פאר'חושכ'טע בלוטיג רויבערישע וועלט. מענשלאכע שטימען פון פּראָטעסט, אויסגעשרייען פון פארדאמונג, א רוף אָפּצושטעלען בלוט פאר־גיסונגען און מענשלאכען קאניבאליזם האָבען ווי פיילען דורכגעלעכערט די וועלט. צושפּרייט איבער דער וועלט האָבען שוין געלעבט מענשען, וואָס האָבען ניט געקאָנט סובל זיין די אכזריות ענויום און פייניגונגען פון מענש צו מענש אין זייערע הערצער האָט דער פונק פון רחמנות, יושר און גערעכטיגקייט ווי א פייער געברענט. זייערע מעכטיגע שטימען צו די וועלט אָבצושטעלען די בלוטיגע ברוטאַליטעטען, ווילדע חיה'שקייט און רשעות, האָט איבער דער וועלט געהערט זיך ווי במעשה בראשית די געטלאכע שטים האָט אין תהו־ובוהו ארייגעשריען — יהי אור. און סמנים האָבען זיך געוויזען אז פריהער אָדער שפּעטער וועט די זון אויפלייכטען פאר די מענשהייט, וועט פאריאָגען די שווארצע וואָלקענס און באלויכטען און ווארימען אלע מענשלאכע ברואים אויף גאָטס ערד.

אנדערש איז אָבער היינט. אויסער וואָס די ווילדע ברוטאַליטעטען, וואָס ווערען היינט באגאנגען זענען גרויליגער און גרויזאמער ווי אין די צייטען פון מיטעלאַלטער, איבערשטייגען די מענשלאכע פאנטאזיע, קומען זיי פאָר שוין

נאָך דעם ווי די מענשהייט האָט דעם שפּיץ פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס געהאַט דערגרייכט. האָט אַרויסגעוויזען אויסערגעוועגליכע גאונות און גע־ניאַליטעט, געמאַכט ריזען־שריט מיט זיינע וואונדערליכע אויפטואונגען, דער־פינדונגען, אין באַהערשען די וועלט און באַזיגען די נאַטור — געהאַלטען אין דערגרייכען די מדרגה פאַר וועלכען ער איז באַשאַפען געוואָרען — דער בחור מכל היצורים.

און פּלוצים מיט אַמאָל אַרונטערגעזונקען טיף אין דער ערד איז דער מענש. איז צוריק אין אַ חיה פאַרוואַנדעלט געוואָרען, די שענדלאַכסטע גרוי־זאַמסטע, משוגע סאַדיסטישע יסורים, מעשים אשר לא יעשו, גהינום'דיגע שטראָפען ווערט פון איין מענש געגען צווייטען פּראַקטיצירט, אָבגעשוועכט אינגאַנצען איז געוואָרען די מענשלאַכקייט פון מענש פאַרשוואונדען איז דער צלם אלקים פון מענש.

ערשט ניט לאַנג האָבען מיר שטאָלצירט מיט דער מענשהייט, אַן אויבער מענש האַלט אין ווערען פון מענש, אַ מלאך אלקים, אַ גייסטיגער גיגאַנט, ראשו מגיע השמימה. וויסענשאַפט מאַרשירט צום העכסטען פּעדעסטאַל, דער מענש באַהערשט גאַנץ וועלט. פליהט ווי אַ פויגעל אין דער לופט, לויפט אַרום דער וועלט אין עפּעס מעהר פון דריי טעג, די וועלט ווערט קליין פאַרן מענש, אַט באַלד וועט ער זי קענען אַרומנעמען. דער מענשלאַכער מוח מעסט צייט און רוים, האָט זיך דערגרונטעוועט צום סטראַטאָספּאַר, געוואָרן אַ בקי אין דער איבערוועקסלונג פון די נאַטור כחות, באַהערשט די ערד און די ימים.

אָפּגעשאָקעלט האָבען מענשען פון זיך דעם שטויב פון מיטעלאַלטער, פון ווילדען געצענדינסט און אייזערנער פויסט, פאַרוואַרפען די שווערד און שפּיז. באַפרייט זיך פון דאָס חיה'שע אין מענש און אויסגעשיילט האָט זיך דער מענש אין זיין ריינעם געשטאַלט בדמות אלקים אין זיין געטלאַכע פיזאָ־נאָמיע, ווי דער בורא האָט בעת דער באַשאַפונג פון מענש געהאַט במחשבה, דעם תכלית און צוועק פון מענש.

הומאַניטעט, מענשען ליבע צווישען מענש און מענש, גערעכטיגקייט אין יושר צו שוואַכע אונטערדריקטע און הילפלאָזע, שפּייזען און זעטיגען דעם הונגעריגען, אַלע מענשען זענען גאַנץ באַשאַף, אַלע מענשען זענען גאַנץ קינ־דער, זענען דאַרום אַלע מענשען גלייכבאַרעכטיגט צום לעבען און געניסען פון גאַנץ וועלט — קיין חלוק פון ראַסע, קאָליר, רעליגיע און אמונה.

אזעלכע לאָזונגען זענען איבער דער וועלט געהערט געוואָרען און האָבען כסדר אָנגעהאַלטען אין פארוואָרצלען זיך אין די הערצער פון די מענשען.

און ווען די מענשהייט האָט געהאַלטען אין דער מדרגה פון אויסוואקסען און אויפהויבען זיך העכער פון דער ערד, האָט אָנגעהויבען אויסנוצען די ווי־סענשאפט, דערפינדונגען, נייע ענטדעקטע כחות צו באַנוצען די גרויסע רייכ־טימער פון די ערד פאר דעם מענשענס גליק און צופרידענהייט, איז אַן אי־בערקערעניש און איבערבראָך פאָרגעקומען אין מענש וואָס האָט מיטן שורש דאָס מענשלאַכע אין מענש ארויסגעריסען און האָט ווי דער אשמדאי שלמה'ן צוריקגעשליידערט דעם מענש צו די נאָר אוראלטע פרימיטיווע צייטען ווען דער מענש איז ווי א חיה געווען גלייך.

פארלאָרען האָבען מענשען זייער שכל הישר, זענען אין מעכאנישע אוי־טאָמאטען פארוואנדעלט געוואָרען, אויסגעטריקענט איז געוואָרען דער מענש־לאַכער מח, ווי ווילדע חיות איז היינט גרינג, פון וועלכען אכזר'ס באַפעהל איין מענש געגען צווייטען אנצורייצען ער זאָל אים דורס זיין דערשטיקען און צום טויט דערווערגען.

א שטיין איז פון מענשלאַכען הארץ געוואָרען. אויסגעטריקענט זענען די קוואַלען פון טרערען אויסגעוועפט האָט פון מענש דער געפיהל פון רחמנות, יושר, רציחה, מאָרד, גזילה, פאַלשקייט און באטרוג הערשט איבעראַל, יעדען טאָג ווערט די מענשהייט מיט אונגעהייערע שנעלקייט געשלעפט צו פאר־ווילדונג, צו א פאַלשטענדיגען צוריקפאַלען צו דער מדרגה פון חיה אין וואַלד.

געוואָרען איז די וועלט א וויסטער דזשאנגאַל. גאנצע פעלקער זענען אין חיות פארביטען געוואָרען. פארהילכט ווערט די וועלט פון דאָס הירזשען און ווילדע ברומען פון די צעווילדעוועטע מענשלאַכע חיות.

מחנות'ווייז ווי הונגעריגע בלוטדורשטיגע וועלף לויערען מענשען געגען מענשען צו פארצוקען און אויפפרעסען זיי. חיות אין מענשלאַכע געשטאַלטען האָבען זיך איבער דער וועלט אויסגעשפרייט, פארזייען איבעראַל אכזריות, בלוטדורשטיגקייט, מאָרד, רויב, רציחה, גזלה, רואינע און פארדארבונג.

און ערגער איז היינט ווי אין מיטעלאַלטער. אין יענע אוראַלטע צייטען ווען מענשען האָבען זיך ווי חיות אויפגעפירט, זיינען געווען בלוטדורשטיג און

רויבעריש, האָבען זיך געפינען מענשען וואָס האָבען מיט זייערע פּראָטעסטען גע'שרפ'ט די בלוטיגע הענט פון די בארבארען, מיט זייערע פארדאמונגס־ווער־טער ווי פיילען דורכגעלעכערט די הערצער פון די ווילדע רוצחים.

געווען זענען דאָס אונערשראָקענע ריזען אויף דער ערד, וואָס זענען גרייט געווען אויף קרבנות, דאָס אייגענע לעבען מפקיר צו זיין. מוטיג האָבען זיי זיך אנטקעגענגעשטעלט די צעיושעטקייט און צעווילדקייט פון בלוט־דורשטיגען מענשען. האָבען געמאָנט יושר און גערעכטיגקייט צום שוואכען און אונטערדריקטען, הילף פאַרן פארצווייפעלטען, רחמנות און מיטלייד צום שוואַ־בען און קראנקען.

און איצט, נאָך הונדערטער יאָרען שווערע מי און ארבייט צו דערווייטע־רען זיך פון פּרימיטיווקייט, נאָך אלע דערגרייכונגען אויף די געביטען פון ציוויליזאציע און פּראָגרעס אין מענשלאכע שלימות, שטעהן מיר אויף א ני־דעריגערע שטופע, ווי דער מענש איז געשטאנען אין מיטעלאלטער.

געווען איז צו דערווארטען, אז די גייסטיגע ריזען אויף דער ערד, די ליכט ברענגער און לערער פון דער מענשהייט, די שעפּער און אויפבויער פון דער ציוויליזאציע, די באַגרינדער און זיילען פון מענשלאכען פּראָגרעס, די גרויסע מענשלאכע מחות וועלען אויב ס'וועט דאָס אונגלויבלאכע אוטאָפּישע טרעפען — די מענשהייט וועט זיך לאָזען צוריקלויפען אין וואלד אריין, אוועקשטעלען זיך אין צענטער פון דער וועלט, ניט דערלאָזען צו דער מענשלאכער ירידה. אנטקעגען שטעלען זיך די פינסטערע עלעמענטען, צוזאמען לאָזען הערען זייער מענשלאכע שטימען, אלע זייערע כחות און דערפינדערישע מיטלען שטע־לען אין דינסט צוריקצוהאלטען די מענשען פון אומקערען זיך צו די אוראלטע בארבארישע צייטען.

ווייל אויב אזעלכעס האָט געטראָפען התחלת ציוויליזאציע, ווען די מענש־הייט האָט ערשט אָנגעהויבען אויסשיילען זיך, דערווייטערען פון וואלד לעבען, האָבען די דאמאָלסדיגע גאָר קליינע צאָל לערער און מדריכים באַזעסען אונער־שראָקענעם מוט אנטקעגען שטעלען זיך די צעווילדקייט, בארבארישען ברוטאַ־ליזים פון די מענשען, זענען זייער אייגענעם לעבען גרייט געווען מקריב צו זיין פארן מענשלאכען פּראָגרעס און פארשריט — מכל שכן היינט, וועלען דאָך די אונצאָהליגע גייסטיגע מענשען אין אונזער ציוויליזירטער וועלט אודאי און אודאי אָרגאניזירען זיך אין א סאָלידארישע מחנה, מיט געמיינזאַמע כחות אלע

מיטלען אויסנוצן צו באַקעמפען די אויפשטייגענדע חיה אין מענש און זיין ווילדע תאוה צוריק צו קערען זיך צום אטאוויזים און אוראלטען אבערגלויבעריש געצענדיענסט.

וואָס האָט אָבער פּאסירט?

אנשטאט די וויסענשאפטסלייט און דערפינדער זאָלען האָבען צוגעטראכט ווי אזוי אָבצושטעלען די ארונטערזונקונג פון דער מענשהייט צו דער מדרגה פון חיות, זאָלען האָבען דערפינדען וועגען און מיטלען, טאָמער וועט פּאסירען א מאָל, אז די ווילדע נאטור כחות אין מענשען וועלען דערוואכען און זיך לאָזען צוריקלויפען אין וואלד אריין, זאָלען זיי אויסנוצען די באהאלטענע סודות פון דער וועלט אין די נאטור אָבצושטעלען דעם חיה'שען געלאַף, האָבען זיי להיפּוך, דירעקט און אונדירעקט, צעהנדליגע יאָרען מיט געהאָלפען אונטערמינעווען די יסודות פון דער מענשלאכער ציוויליזאציע און אין דער פּארוויסטונג פון אלעם וואָס די מענשהייט האָט אין לאנגע יאָרען פון שווערע אונערמידלאכע ארבייט געשאפען און אויפגעבויט.

די וויסענשאפט וואָס האָט אזוי פיל געשאפען אויפצוהויבען דעם מענשען אין ברענגען אים ליכטיגקייט, גליק און צופרידענהייט, האָט זיך איינציי־טיג באנוצט און באנוצט זיך, כמעט מיט די זעלבע מיטלען ארונטערצוּ־ווארפען דעם מענש אין פינסטערען תהום, ברענגען אים אומגליק חורבן פאר־וויסטונג אין שנעלער פארניכטונג.

די וויסענשאפט, וואָס האָט געזאָלט זיין דער שטראל ליכט, כסדר צו פי־רען דעם מענשען צו בעסערס און העכערס, נאָבעלס און שענערס, האָט מיט איר כח געפירט און דערפירט דעם מענשען צו פינסטערניש אין טיפען שאול תחתיות אריין און די וועלט צוריק צו תהו ובוהו געבראכט.

די וויסענשאפטלאכע לאבאָראטאָריעס, אויסצופאָרשען באהאלטענע נא־טור סודות צו באנוצען די ריזיגע גרעניצלאָזע רייכטימער פון ערד קוגעל פארן מענשענס גליק און וואוילזיין, נייע דערפינדונגען צו שאפען, דאָס מענשלאכע לעבען צו מאכען שענער, אנגענעמענער זענען איינצייטיג אויך באנוצט גע־וואָרען פארן מלאך המות צו פּראָדוצירען כל'ערליי שנעלע מיטלען צו פאראומערען און פארפינסטערען דאָס מענשלאכע לעבען, ברענגען טויט און מיט איינמאָל צו קענען אויסראָטען און אומברענגען גאנצע שטעט מיט מענ־שען און חרוב מאכען לענדער.

וויסענשאפטליכע און דערפינדער האָבען זייער מח און מארך, געניאליטעט און ענערגיע אוועקגעגעבען, צו שטודירען כל'ערליי כלי־משחיתים אומצוברענגען און אויסצושלאכטען מענשען, מיט די אונגעהייערסטע אָנשטרענגונג ביים מיקראָסקאָפּ געפּאָרשט, מלאך־המות'דיגע מיקראָבען גאנצע לענדער מיט מענשען צו פאר'סמ'ען און אָבטויטען. שנעלע יאָג־עראָפּלאנען צו דערפינדען, זאָלען אונטערען הימעל פליהען מיט פייער און שוועבעל רעגענען אויף דער ערד. אונטערוואסער שיפען אונשולדיגע ים רייזענדע צו דערטרינקען און אומצוברענגען. טויטענדע שטראלען אין די שטארקסטע פּאָרטיפיקאציעס דורכצושפּיזען צו טויטען די מענשען וואָס באהאלטען זיך אונטער זייער שוץ און נאָך באוואוסטע און אונבאוואוסטע טויטענדע כלי־זיין, צו מאָרדען, אויסצושלאכטען מענשען און ברענגען חורבן, רואינע, אומגליק אויף די מענשען און אויף דער וועלט.

געלעהרטע — דענקער און שריפטשטעלער, דיכטער און פילאָזאָפען וועמענס אויפגאבען דארפען זיין, שאפען בעסערע באציהונגען צווישען מענש און מענש. דערהויבען דעם מענש, ענטוויקלען זיין גייסט, דערווייטערען אים פון דאָס ברוטאלע חיה'שע, דערוועקען אין מענש, ליבע, רחמנות, יושר, העלפען דעם שוואכערען און אונטערדריקטען, זענען געוואָרען פּרעדיגער פון האס, רשעות, ברוטאליזים פון מענש צו מענש, האָבען צוריק די אוראלטע באַרבארישע פאראָרדענונג אויפגעלעבט פאר דער מענשהייט, אז מאכט איז רעכט, כל דאלים גבר, דער שטארקערער מיט די שווערד אין האנט דארף רעגירען, שוואכע, הילפסלאָזע האָבען קיין רעכט נישט צו לעבען און עקזיסטירען אויף דער וועלט.

די לעהרע, וואָס מאנכע וועלט באַרימטע שריפטשטעלער, דיכטער און פילאָזאָפען האָבען אין זייערע שריפטען געפּרעדיגט און געלערענט די מענשען — אז צום שטארקען באלאנגט די וועלט, דער שוואכער דארף אונטערגעהן. דער שטארקערער, דער פעהיגער, לעבט אלץ איבער, וועהרענד דער שוואכער ווערט פארניכטעט — האָבען געוועקט און געמונטערט די פארבאָרגענע חיה'שע אינסטינקטען אין די מענשען. האָבען שטופּענווייז ענטוויקעלט אין די מחות פון מענשען די תאוה צו מאכט, הערשאפט, טיראניי, דעספּאָטיזם, אונטערדריקען און יסורים אָנטאָן דעם שוואכערען הילפלאָזען ברודער מענש.

אָט די לערע, וואָס איז זייט צענדליגער יאָרען געפּרעדיגט געוואָרען און ווערט ביז היינט נאָך פאָרגעזעצט פון וועלט אנערקענטע שריפטשטעלער, דיכ־

טער און פילאָזאָפען האָט מיט געהאָלפען, אז צו דער ציוויליזאציע, וועלכע זיי אליין האָבען זיך געגרויסט און שטאָלצירט זאָל ווערען אזא פינסטערע תהו ובוהו. מיט זייער לערע, וואָס זיי האָבען גערעכענט, דעם מענשען פיזיש און גייסטיג אויפצוהויבען העכער, מאַכען אים פאר אן אדם העליון און דאָס מענשלאכע לעבען ציוויליזירטער און פראָגרעסיווער אוועקשטעלען, האָבען זיי בידים אונטערגעמינעוועט די יסודות פון דער מענשלאַכער ציוויליזאציע און דערוואָרבענע מענשלאכע דערגרייכונגען און ארונטערגעצויגען דעם מענ־שען צו דער מדרגה פון די גרויע אוראלטע צייטען.

זיי די וועלט באַרימטע געלערטע און דענקער, וואָס זענען געקומען ליכ־טיג מאַכען די דונקעלע פונקטען וואָס זענען פאראן אין מענשענס מוח, קלאָר מאַכען אלע ספקות, ארויפפירען די מענשהייט אויפן דרך־הישר, נייע גייסטיגע וועלטען פארן מענשען עפענען, זיין גייסט זאָל העכער שטייגען, האָבען אליין בידים, מיט זייערע טעאָריעס און דערפינדערישע לערעס געשאפען דעם אויפ־רייס שטאָף אין די מחות און אין די הערצער פון די מענשען, וואָס האָט גע־מוזט פריער אָדער שפּעטער, סוף כל סוף דערפירען צום אויפרייס פון דאָס פונדאמענטאַלע מענשלאכע אין דער אויבערפלאך ארויפברענגען דאָס חיה׳שע פון מענש און פארפינסטערען זיינע טעג און לעבען.

די אויפבויער און גלויביגע אין דער דארוויניסטישער טעאָריע, — אז דער מענשלאכער אָפּשטאם איז א שטופענווייזע ענטוויקלונג פון דער מאַלפּע אז דער מענש איז ניט מער ווי א קולטורעלע חיה, האָט אויך מיטגעהאָלפען דערפירען צו דער אינערלעכער דערוואכונג פון די פארוואָרצעלטע חיה׳שע אינסטינקטען אין מענש און האָט פיל בייגעטראָגען צו דער באַרבאריש בלוט־דורשטיגער וועלט, וואָס אנערקענט ניט קיין אנדערע זאך אויסער ברוטאליזים, סאדיזים און פייניגונג, און אז דער, וואָס איז שטארק איז שטענדיג גערעכט און דער וואָס איז שוואך איז תמיד אומגערעכט.

זיי זענען געווען און עס זענען, יענע וויסענשאפטסלייט און דערפינדער וואָס האָבען אָנשטאט צו ברענגען גליק און צופרידענהייט די מענשהייט גע־בראכט און ברענגען, אומגליק און חורבן רואינע און פארצווייפלונג, טויט און פארוויסטונג די מענשהייט.

עס זענען געווען און עס זענען, יענע שריפטשטעלער און פילאָזאָפען, וואָס האָבען מיט זייערע טעאָריעס און לערע, מיט זייער דענקען און פרעדי־

גען, אנשטאט צו דערהויבען דעם מענשען גייסטיגער, מאכען אים אידעלער, פארנינפטער און מענשלאכער, גורם געווען די פארניכטונג פון מענשלאכען גייסט, צוריק געבראכט דעם מענש צו די מדרגה פון א חיה און דערפירט צו דער צעשטערונג און צעשמעטערונג פון מענשלאכען פראָגרעס און ציווילי־זאציע.

פון דעם מאָמענט, ווען דער מענש האָט אָנגעפאנגען נאָכצופאָרשען די נאַטור דערשיינונגען, האָט ארונטערגעריסען דעם שלייער פון די פונדאמענטאַלע נאַטור כחות, האָט זיי געמאכט פאר א ווערקצייג אויף צו דערגרייכען זיינע צוועקען, האָט זיך אויך אָנגעהויבען דעם מענשענס צרות און פלאָגענישען.

וייל נאָך די אלע גוואלדיגע דערפינדונגען, דערגרייכונגען און וואונדער־באַרע אויסבעסערונגען, וואָס דער מענש האָט אין די אלע יאָרען אין גאנג פון פראָגרעס און ציוויליזאציע געמאכט, האָט ער לחלוטין אינגאנצען זיך אליין פארנאכלעסיגט. האָט זיך פארזען און האָט אליין קיין שום פראָגרעס ניט גע־מאכט, זיך גאָר ניט אויסגעבעסערט און ניט קוקענדיג אויף דעם גאנצען וועלט־לאכען פאָרשריט, איז דער מענש אליין געבליבען, אין זעלבען פרימיטיווען צושטאנד, ווי מיט טויזענטער יאָרען צוריק.

די ערד און הימעל האָט דער מענש געפאָרשט און ניט געפאָרשט וואָס עס טוט זיך ביי אים אין הארצען. אונטערזוכט און שטודירט האָט דער מענש, אלץ וואָס איז פאראַן אויף דער וועלט, אויסער זיין אייגענעם איך. אלץ וואָס אונטער דער זון וויל דער מענש וויסען, וויל אָבער ניט וויסען וואָס מיט אים איז. נאָנט צו אלץ וואָס עס טוט זיך ארום אים, איז דער מענש, אָבער ווייט, זייער ווייט אוועק פון זיך אליין. אלץ ארום זיך זעט דער מענטש נאָר ניט זיך אַליין— וואָס שייך זיך אליין לעבט דער מענש אין טיפער פינסטערניש פונקט ווי אין די גאָר פרימיטיווע צייטען.

האָט דארום דער מענש, מיט איין האנט דערפינדונגען און ענטדעקונגען געמאכט צו פארבעסערען און פארשענערען דאָס לעבען פון מענש און מיט דער צווייטער האנט, האָט דער מענש אליין געשאפען די שרעקלעכע כלי־משחית אָפצוטויטען און פארדארבען דאָס אייגענע מענשלאכע לעבען.

אויפגעהויבען הויך צו פליהען אונטערען הימעל האָט זיך דער מענש, איז דער הערשער און רעגירער איבער די נאַטור כחות געוואָרען, געדוכט

האָט זיך אים אז ער איז ווייט אוועק פון אור מענש, האָט גרויסען פאָרשריט און פּראָגרעס געמאכט — אויסגעלאָזט האָט זיך אז דער באהאלטענער היה'שער אטאוויזים וואָס איז אין מענש האָט זיך ניט געלאָזט אויסראָטען דורך די יאָר הונדערטער פון ציוויליזאציע און קולטור, האָט גובר געווען דאָס מענשלאכע אין מענש און איז געקומען צום אויסדרוק און באהערשט אים.

די הערשאַפט פון מענש איבער דער וועלט און איבער אירע באַשעפעני־שען, איבער דער ערד און ימים האָט אים ניט אנדערש געמאכט, האָט אים ניט אויסגעאיידעלט, האָט אים פאר קיין מענש ניט געמאכט.

נאָר די גאנצע ציוויליזאציע, פּראָגרעס, וויסענשאפט און דערפינדונגען איז דער מענש, אלס מענש, ניט גרעסער און בעסער געוואָרען. אין געגענטייל דער מענש וואָס האָט געלעבט פאר דאָס שטאָלצע צוואנציגסטע יאָר הונדערט, ווען דער מענש האָט מיט א וואגען געשפאנט אין אָקסען געשלעפט זיך און האָט זיך מיט די ווייטע מרחקים דורך עלעקטרישע דראָט זיך ניט געקאָנט צו־זאמענרעדען איז אין פילע הינזיכטען אלס מענש געווען העכער, נאָבעלער, איידעלער פארנונפטער ווי דער מענש אין היינטיגער צייט.

ניין, ניט פאָראויס זענען מיר אוועק, נאָר אויף צוריק — ווייט אויף צו־ריק. מיר געפינען זיך ווידער כמעט אויף דעם זעלבען פונקט פון וועלכען דער מענש האָט אמאָל אָנגעהויבען.

ווייל וואָס איז די פעולה פון דער גאנצער ציוויליזאציע און פּראָגרעס אז אויף דעם מענש אליין, האָט דאָס קיין שום ווירקונג ניט געהאט צום בעסערען. אז געבליבען איז דער מענש דער זעלבער מענש, ווי מיט הונדערטער יאָרען צוריק.

וואָס איז דער חילוק, צי דער מענש פאָרט מיט אן אָקס געשפאנט אין א וואָגען אָדער פליהט אין עראָפּלאן, אז דער מענש אליין האָט גאָר ניט פּראָגרע־סירט. אין געגענטייל, דער מענש פון עראָפּלאן איז ערגער ווי דער מענש וואָס איז געפאָרען מיט דעם אָקס און וואָגען — יענער מענש אין דער אלטער צייט, איז געווען א סך בעסער, גוטהארציגער און דערבארעמדיגער, ווי דער היינטי־גער מענש. ער האָט טאקע געלעבט פּרימיטיוו, האָט ניט פארמאָגט אלע באק־וועמלעכקייטען פון דער היינטיגער וועלט, פאר דאָס איז אָבער דער פרימיטי־ווער מענש ניט געווען א שותף צום מלאך המות ווי דער היינטיגער מענש —

ס'זענען אויף דער וועלט ניט געווען די אלע מאָדערנע כלי משחיתים, פארניכט־טונגס מיטלען, צו פייניגען און דערמאָרדען מענשען וואָס דער מענש פון דער ציוויליזאציע האָט אויסגעטראכט און דערפינדען.

וואָס פאר א שטאָלץ קען דער מענש האָבען אויף אלע זיינע דערפינ־דונגען דערגרייכונגען און אויפטועונגען אז זיי ווערען כמעט אלע אויסגע־נוצט לרעה פאר די מענשען — צו פייניגען, פארשאפען יסורים, אינקוויזי־טאָרישע ליידען און צום טויט פארמאטערען דעם ברודער מענש.

וואָס איז די פעולה, וואָס דער מענש האָט אזוי פיל אויפגעטון, אז ער אליין, דער מענש, האָט פאר זיך לגמרי גאָר ניט אויפגעטון. אין באשאפען און אויפבויען די ציוויליזירטע וועלט האָט דער מענש אינגאנצען פארלאָרען זיין מענשלאכקייט און נשמה, איז געוואָרען אן אויטאָמאט, האָט פארלאָרען זיין אייגענעם רצון און שכל, ווייסט זיך ניט ווי אזוי אויפצוהויבען אויף דער וועלט, אויף וועלכען אכזר'ס באפעהל, איז איין מענש דעם צווייטען גרייט ווי א ווילד פארצוקענדע חיה זיך אויף אים ארויפצעווארפען, אויף שטיקער צורייסען, און מיט זיין ווארים מענשלאך בלוט זיך אנטרונקען.

וואָס קומט ארויס, אז דער מענש האָט באהערשט די נאטור קרעפטען, — די ערד, די ימים, די לופט, אז ניט באזיגען און באהערשען האָט דער מענש געקאָנט די חיה וואָס איז אין אים. אז געבליבען איז דער מענש אויף דער־זעלבער מדרגה ווי בעת זיין באשאף.

און די יאָמערדיגע קולות פון די טראגיש ליידענדע, אונמענשלאך אכזריות געטריבענע און געפייניגטע ארויסגעוואָרפענע אידישע פרויען און קליינע עופה'לאך אויף די וואָגלענדע שווימענדע שיפען אויף די ימים אין ברייטע וואסערען וואָס ווערען פון ברעג צו ברעג געטריבען אין ערגעץ ניט אריינגע־לאָזען הילכען אָפּ זייערע געשרייען מסוף העולם ועד סוף העולם — אויב אזעלכעס קען פאסירען אויף דער וועלט, איז דער מענש אוועק נאָך ווייטער פון מיטעלאלטער, צוריק אין ווואלד אריין, האָט אינגאנצען פארגעסען דאָס מענשלאכע אין מענש.

# „פון אונזער גייסטיגער חריפות"

## פון דוד קירשענבוים

צוויי ביכער ארויסגעגעבען דורך דעם באקאנטען ניו יארקער ספרים פארלאג „פרדס". דער ערשטער באנד, האט אן איינלייטונג פון באוואוסטען שריפטשטעלער, היסטאריקער און מלומד גרשום באדער, וועלכער לויבט דעם מחבר פאר זיין טאלאנט און טיפע ארויסגעבראכטע פילאזאפישע רעיונות.

העכסט גינסטיג איז געווען דער אפרוף פון די אידישע פרעסע וועגען די צוויי ביכער. מיר ברענגען דא עטלאכע ציטאטען פון לענגערע ציטונגס רע־צענזיעס וואס זענען געשריבען געווארען וועגען די ביכער.

## דר' ה. ל. גארדאן אין ניו יארקער „מארגן-זשורנאל"

דוד קירשענבוים'ס ביכער וועלען ביי פילע לעזער ארויסרופען א נאגענדע בענקשאפט נאך א מאל. די שפראך איז א פליסיגע און רייכע. די ביכער זענען א קוואל פון שארפזיניגקייט פאר יעדען לעזער.

## ש. ערדבערג אין „טאג".

דוד קירשענבוים'ס ביכער דערמאנען מער אויף וועלטלאכע ליטעראטור ווי אויף רעליגיעז דרשה'דיגע. דער מחבר שילדערט העכסט טאלאנטפול די ווארימקייט פאעטישקייט פון די יום טובים אין דער אלטער היים. דער אידיש איז א זאפטיגער און רייכער. די ביכער דארפען שטארק צונוץ קומען רבנים און רעדנער.

## ה. וואלאפסקי, רעדאקטאר פון „קאנאדער אדלער" מאנטרעאל

אין די ערשטע טיילען „פון אונזער גייסטיגער חריפות" שילדערט דער מחבר די אידישע אטמאספערע אין דער אלטער היים מיט נאטירלאכע פארבען און מיט אזא פינקטלאכקייט, אז עס דערמאנט אייך פון אייער אייגען שטעטעל. דער צווייטער באנד איז אן ארבייט, וואס האט פארלאנגט פיל מי און נאכזו־כעניש. דער מחבר האט אמת'ע פעהיגקייטען. די צוויי ביכער פון דוד קירשענ־בוים, פארדינען צו קריגען א פלאץ אין יעדער אידישער הויז.

## הרב מאיר שווארצמאַן, „אידישער זשורנאל״ — טאָראָנטאָ

זעלטען ווען א מחבר פון דעם מין ספרים איז אזוי געלונגען ארויסצו־ברענגען אזעלכע רעיונות און געדאנקען איבער די אידישע ימים־טובים און יומא דפגרא׳ס, ווי ס׳איז געלונגען דוד קירשענבוים אין זיינע צוויי ביכער „פון אונזער גייסטיגער חריפות״.

מיט זיין רייכע פאנטאזיע און פיינעם סטיל שילדערט ער העכסט רירענד יענע מאָמענטען וועלכע ערוועקען די יוגענד זכרונות און דאָס תמימות, די אמונה פשוטה פון די אידישע יוגענד אין אייראָפּא. א ים פון פּאָעזיע און קיינמאָל פארגעסענע ערהאבענע דעראינערונגען וועלכע רירען ביז צו די טי־פענישען פון דער נשמה פיהלט מען איבערלייענענדיג די צוויי בענדער „פון אונזער גייסטיגער חריפות״ פון דוד קירשענבוים.

## דר. איזידאָר גאָלדסטיק, „קאַנאַדער נייעס״ — טאָראָנטאָ

דוד קירשענבוים קומט א ישר כוח פאר זיינע צוויי ביכער. יעדעס פון זיי טראָגט אריין נייעס אויף זיין אייגענעם געביט, אי אין סטיל, אי אין שפראך, אי אין אינהאלט.

## דוד קערצער, „אידישער זשורנאַל״ — טאָראָנטאָ

די צוויי ביכער פון דוד קירשענבוים זענען א בארייכערונג פאר דער אידישער ליטעראטור. גאנץ הויכע פילאָזאָפישע געדאנקען זיינען אויסגעדריקט אין א פּאָפּולערע פאָרמע און אין א שעהנעם מאָדערנעם העכסט ליטערארישען אידיש. די צוויי ביכער וועלען באצירען יעדע שעהנע אידישע ביבליאָטעק, סיי מיטן אויסזעהן, סיי מיטן אינהאלט.

### די צוויי ביכער זענען צו באַקומען ביים מחבר.

D. KIRSHENBAUM

23 Maitland Street — London, Ont. Can.